# משה לייב האַלפּערן

פון

ז. ווײַנפּער



פאַרלאַג
„אויפקום"
1940

## א

איצט איז זומער ניינצן פּערציק. אַן אָנגעגליטער זומער. עס ברענט די היץ איבער די ניו־יאָרקער גאַסן און ליגט זיך מיט אַ בזונדערער שווערקייט אויף די געמיטער, וואָס זיינען אַזוי אויך אָנגעגליט פון די געוואַלדיקע געשעענישן אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט.

די לופט איז אָנגעשטרענגט און פול מיט דערוואַרטונג. יעדע מינוט ברענגט עפּעס, און אין אַ מינוט שפּעטער איז דאָס פריער־געבראַכטע שוין בלייך לגבי דעם, וואָס די ראַדיאָ טראָגט אונטער איצט.

מענטשן קוקן איינע אויף די אַנדערע מיט אומצוטרוי. יעדער דריטער ווערט באַטראַכט, ווי אַ פאַררעטער פון די ערשטע צוויי, הלמאי ער טראַכט נישט, ווי זיי טראַכטן. און אַפילו די ערשטע צוויי האָבן אויך נישט קיין צוטרוי איינער צום אַנדערן. יעדערער טראַכט, אַז דער צווייטער פאַרשטעלט זיך. רעדט נישט, וואָס ער מיינט, און מיינט נישט וואָס ער רעדט.

אַזוי פיל שנאה אויף פּנימער פון מענטשן און כאָטש די שנאה איז נישט ביי אַלעמען אין דער זעלבער ריכטונג, מאַרשירן אָבער אַלע ריכטונגען מיט דער זעלבער שנאה און פאַרוואַנדלען די ערד אונטער די טריט אין פּריסיק.

מיר איז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס גראַדע אין אָט די מוראדיקע שנאהדיקע טעג טראַכט זיך מיר די גאַנצע צייט כמעט וועגן משה לייב האַלפּערינען.

זאָל דאָס זיין דערפאַר, וואָס אָט די גרויסע שנאה פון אונדזערע טעג דערמאָנט אין דער שנאה, וואָס ער האָט אין זיין דיכטער־האַרצן געטראָגן ?

איך טראַכט פון דער רו, נאָך וועלכער ער האָט אין זיין

אומרואיקן לעבן אַזוי שטאַרק געבענקט, און וועלכע ער האָט ענדלעך געפונען אונטער דעם פּראָסטן, קיילעכדיקן שטיין אויף דעם ניו־יאָרקער אַרבעטער־רינג בית־עולם, און עס דערמאָנט זיך אַן ענלעכער פּלאַם, ווי דער איצטיקער, וואָס האָט געצונדן די ערד מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, אויף וועלכן משה לייב האַלפּערנס דיכטער־האַרץ האָט רעאַגירט מיט זיין ביטערער פּאָעמע: „אַ נאַכט".

פאַר מיינע אויגן שטייט אויף דאָס אַלטע טישל אין דעם קליינעם צימערל, אויף קיפּ גאַס אין וויליאַמסבורג, איבער וועלכן אָט די פּאָעמע האָט זיך צעשטורעמט. איך זע משה לייבן, — די אַרבל פון זיין בלוי העמד פאַרקאַשערט איבער די עלנבויגן, ווי ביי אַן אַרבעטער אינמיטן אַ זייער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. זיין רויטלעך פּנים איז צעפלאַמט. איבער זיין פולער פלײשיקער נאָז בלעזלען זיך טראָפּעלעך שוויים, און זיינע גרויסע בלוי־גרויע אויגן זיינען צעצונדענע, און וואַרפן מיט גליענדיקע פלעמלעך דורך זיינע ברילן בשעתן צונויפלייגן די געפּערלטע בלעטער־פּאַפּיר איבערן טישל.

איך געדענק, אַז נאָכן אויסהערן אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון דער פּאָעמע „אַ נאַכט", וואָס האָבן זיך אַ טרייב געטאָן איבער מיר, ווי ווינטן איבער אַ יונג ביימל, האָב איך זיך מיט גרויס פאַרוואונדערונג פאַרטראַכט וועגן די שיינע, געטאָקטע אותיותלעך איבער דעם פּאַפּיר פון וועלכע אָט די ווינטן זיינען אויפגעגאַנגען. מיר איז געווען שווער צו באַנעמען, ווי אַזוי אַזאַ אימפּעט האָט געקאָנט זיך דורכשלאָגן דורך אַזעלכע קליינע, שיינע, געפּערלטע אותיותלעך. געפרעגט ביי אים האָב איך נישט וועגן דעם, וואָרים פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז ער אַליין וואָלט אויך נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער אויף דעם. נאָר איצט, אַז איך טראַכט וועגן דעם, גייען אויף פאַר מיינע אויגן די אַכט פערדלעך, וואָס זיינען געווען געשפּאַנט אין דער קאַטש, וואָס פלעגט אַרומפירן דעם גראַף פון מיין שטעטל. אָט־די אַכט פערדלעך, אונטער וועלכע די ערד האָט זיך געוויגט, זיינען דאָך

געגאַנגען ריטמיש און געקערעוועט געוואָרן דורך די לייצעס אין די שטאַרקע הענט פון דעם קרעפטיקן קוטשער, וואָס איז געזעסן שטאַטלעך און זיכער אויף דער קעלניע.

מיט וואָס פאַר אַ פּאָעמען וואָלט משה לייב האַלפּערן רעאַגירט אויף די איצטיקע געשעענישן, ווען ער וואָלט געווען מיט אונדז?

היטלער האָט פאַרכאַפּט זײַן ווין, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. זײַן געבורט־שטעטל זלאָטשעוו, וואָס ער האָט אַזוי פײַנט געהאַט, אַז ער האָט זיך אַזש געטרייסט, וואָס זײַנע בײנער וועלן נישט ליגן דאָרט באַגראָבן, איז דאָך איצט נישט מער, וואָס פריער. עס איז אונטער דער השגחה פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. און דער טשאַד, וואָס טשאַדעט איצט אויף דער ייִדישער גאַס ביי אונדז אין ניו־יאָרק? ווי וואָלט ער רעאַגירט אויף אים? מיט וועמען וואָלט ער געשטאַנען?

עפּעס האָב איך אַ געפיל, אַז וואָלט ער געלעבט, וואָלט ער איצט געווען שטאַרק טעטיק אינעם איקוף. איז ער דאָך געווען דאָס האַרץ און די נשמה פון דער שנאָרער־אָרגאַניזאַציע מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, וואָס איז געווען טעטיק אין ניו־יאָרק אויף אַן ענלעכן אופן, ווי דער „איקוף" היינט צו טאָג.

און ווײַל דער „איקוף" איז לגבי דער דעמאָלטדיקער שנאָרער־אָרגאַניזאַציע, ווי אַ ים לגבי אַ טייך, וואָלט משה ליב האַלפּערן זיך גאָר אַנדערש די הענט צעפּירט אין אים. ער וואָלט געשוואומען אין אים און געלייגט קלאַפּטער מיט זײַנע ברייטע הענט, און אַך, ווי מיר דאַרפן איצט זײַנע ברייטע קלאַפּטערדיקע הענט!

עס איז גוט צו טראַכטן, אַז אַזוי וואָלט געווען, און טראַכטנדיק אַזוי ווערט טאָפּלדיק פּײַנלעך, וואָס ער איז מער נישטאָ שוין מיט אונדז.

שוין באַלד אַכט יאָר, אַז ער איז נישטאָ מיט אונדז, און אָפּטמאָל ווערט אַזוי מאָדנע שווער פון דעם באַוואוסטזײַן, אַז ער איז טאַקע אין דער אמתן מער נישטאָ מיט אונדז.

און מאָדנע, ביז גאָר מאָדנע קומט ביי מיר אויס אָט דאָס,

וואָס דאָס לעבן גייט זיך ווייטער זיין גאַנג, ווי פון דעם וואָלט גאָרנישט אַרויסגעפאַלן אַ וויכטיקער גייער.

וואוהין איז אין זיין צייט געגאַנגען אונדזער שטורעמדיקער דיכטער משה לייב האַלפּערן?

צו אַ באַשטימטן ציל איז ער געגאַנגען בלויז אינעם פּעריאָד פון זיין לעבן, ווען ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג. פריער איז ער געגאַנגען ווי אַ וואַנדערער אין דער מדבר מיט אַן אָנגעצונדן האַרץ און זוכנדיקע אויגן, און דערנאָך, ווען ער איז אַרויסגעפאַלן פון דער באַוועגונג, האָט ער זיך דערפילט אַ פאַרלוירענער.

איך באַנוץ דאָס וואָרט „אַרויסגעפאַלן" און נישט „אוועק־געגאַנגען", ווייל משה לייב האַלפּערן איז קיינמאָל נישט אַוועק־געגאַנגען.

עפּעס האָט ער געזאָגט אין קליוולאַנד אויף זיינער אַ לעקציע, וואָס איז שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן פון אַ צוהערער, און דער לעצטער האָט אים אָנגעקלאָגט. משה לייב האַלפּערן איז געווען צו שטאָלץ דעם ענין אויפצוקלערן, אָדער צוצוגעבן דעם טעות. די צייט איז געווען אַ מיליטאַנטישע, די ליניע אָנגעצויגן ביז גאָר און עס האָט זיך נישט געפונען עמיצער, וואָס זאָל אויפנעמען דעם ענין מיט אַ רואיקן מח און דעם סכסוך אויסגלייכן, כדי די באַוועגונג זאָל נישט פאַרלירן אַזאַ וויכטיקן כוח ווי משה לייב האַלפּערן איז געווען.

אָבער איבערגעלאָפן אויף דער אַנדערער זייט איז משה לייב האַלפּערן נישט אַפילו נאָכדעם, ווי מען האָט אים באַזייטיקט.

ער האָט די לינקע באַוועגונג נישט באַקעמפט נישט מיטן מויל און נישט אין שריפט. אויב ער איז יאָ ווען סע נישט איז אַרויסגעקומען מיט אַ בייז וואָרט, איז דאָס נישט געווען קעגן דער באַוועגונג, נאָר קעגן דעם אָדער יענעם כוהן אין דער באַוועגונג, וואָס האָט אויף זיך גענומען דאָס רעכט אויך צו זיין אַ פּוסק אויף דעם געביט פון דער קונסט צו וועלכער יענער האָט לויט האַלפּערנס מיינונג קיין שייכות נישט געהאַט.

זײַנע שאַרפקייטן אין זײַן פאָררעדע צו מײַן בוך „געקלי־בענע לידער", וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ סך בײַזקייט סײַ פון „רעכטס" און סײַ פון „לינקס", זענען געווען אַן אויסדרוק פון דער געוואַלדיקער פאַרלוירנקייט, וואָס ער האָט געפילט אין יענער צײַט, און דאַרפן בשום אופן נישט גענומען ווערן ווי זײַנער אַ שטאַנדפּונקט.

וואָס שייך זײַן צוגאַנג צו דער קונסט, איז ער נישט געוואָרן אַנדערש, ווי אינעם פּעריאָד, ווען ער איז געווען אין דער לינקער באַוועגונג.

עס דערמאָנען זיך מיר זײַנע רייד אין יענער צײַט אין שײַכות מיט דעם זשורנאַל „אויפקום", וועלכן ער האָט אָנגעהויבן צו רעדאַקטירן מיט מיר צוזאַמען.

— מען מוז מאַכן דעם „אויפקום" פאַר פיל מער ווי ער איז, — האָט ער מיט מיר אײַנגעטענהט און באַלד זיך טאַקע קלאָר געמאַכט מיט אָט די ווערטער:

— גלאַט שײנע ליטעראַטור האָט קיינמאָל קיין זין נישט געהאַט, און הײַנט אוודאי נישט. מען מוז שטיין אינגאַנצן מיטן פּנים צום לעבן, און אונדזער לעבן איז די ייִדישע אָרעמשאַפט און די קעמפנדיקע מענטשהייט פאַר אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט.

אָט אַזוי האָט ער מיט מיר אײַנגעטענהט, און אַן אַנדערש מאָל האָט ער זיך אויסגעדריקט נאָך קלאָרער:

— מען רעדט וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. לאָמיר אינעם „אויפקום", וואָס שטייט נישט אונטער קיין פּאַרטיי־דיס־ציפּלין, באַווײַזן ווי אַזוי אמתע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור דאַרף אויסקוקן.

צי ער האָט אין די עטלעכע נומערן, וואָס ער האָט מיט מיר צוזאַמען רעדאַקטירט דאָס באַוויזן, איז אַן אַנדער פראַגע. אָבער די רייד, וואָס ער האָט צו מיר גערעדט האָבן געוויזן, וואָס ער האָט פאַר זײַן טויט געטראַכט און געוואָלט.

אין די איצטיקע טעג, ווען אינעם סאָוועטנפאַרבנד ווערן

דורכגעפירט פייערונגען נישט נאָר צום אָנדענקען פון מענדעלען, שלום עליכמען און פּרצן, נאָר אויך, ווען אפילו רב יהודה הלוי ווערט אויפגענומען און געיובלט, וואָלט משה לייב האַלפּערן זיכער געווען אָנגעפילט מיט פרייד און מיט גאַנצקייט.

אָפּגערעדט וועגן דער קולטור־אַרבעט, וואָס דער „איקוף" פירט אָן.

און אפשר טראַכט זיך מיר אַזוי, ווייל עס ווילט זיך מיר אַזוי טראַכטן? אפשר איז דאָס מיין בענקשאַפט נאָך אים, וואָס מאָלט אַ בילד פאַר מיר אין וועלכן איך זע אים ביי דער זעלבער אַרבעט, וואָס איך טו.

אפשר?

ב

אָבער נישט דאָס בין איך איצט אויסן. וואָס איך בין יאָ אויסן איז צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז פאַר די לעצטע פאָר יאָר זינט עס קומט מיר אויס אַרומצופאָרן איבער דער ברייט און דער לענג פון אונדזערע שטאַטן און קאַנאַדע, שלאָג איך זיך אומעטום אָן אויף צענדליקער פאָלקס־מענטשן, וואָס בענקען נאָך משה לייב האַלפּערן אַזוי ווי איך בענק נאָך אים, און אַז עס קומט צורייד, איז יעדער איינער פון זיי זיכער, אַז משה לייב האַלפּערן וואָלט געשטאַנען דאָרט, וואו ער שטייט. און נישט נאָר דאָס, — מען פּרובירט אפילו אַריינצולייגן ווערטער דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער אין מויל אַריין וועגן דער אָדער יענער געשעעניש.

האַנדלט זיך דאָ נישט וועגן דעם ווער עס טרעפט יאָ און ווער עס טרעפט נישט. אָבער וועגן וואָס עס האַנדלט זיך יאָ, איז דאָס, וואָס נאָך אַכט יאָר פון זיין טויט, איז משה לייב האַלפּערן ביז גאָר לעבעדיק אין די געמיטער פון אַ גרויסער צאָל מענטשן, וואָס זענען געווען באַווירקט פון אים.

אָפּגערעדט פון יענע, וואָס האָבן געהאַט די זכיה אים צו קאָנען פון דער נאָענט, אים האָבן אַמאָל ביי זיך אין די שטיבער,

אַזוינע רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ זייער טייערן „משפּחהניק״, וואָרים מיט זיין גאַנצן ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט איז משה לייב האַלפּערן געווען אַ ביז גאָר צאַרטער און אויפמערקזאַמער מענטש צו די, וועלכע זענען אים נאָענט געווען. יעדע קלייניקייט פון זיינע נאָענטע האָט אים אינטערעסירט. זייער געזונט, די דער־ציאונג פון זייערע קינדער, דאָס מעבל אין זייערע שטיבער, די קליידער, וואָס זיי האָבן געטראָגן, די געדאַנקען, וואָס זיי האָבן געטראַכט און די רייד, וואָס זיי האָבן גערעדט.

איצט, אַז מיר קומט אויס זיך צו באַגעגענען מיט האַלפּערנס נאָענטע פריינט איבער דער ברייט און דער לענג פון אונדזער גרויסער מדינה, טויכן אויף אין מיין זכרון זייערע ווערטלעך, וואָס איך האָב זיי געהערט אַמאָל זאָגן דורך האַלפּערנס מויל.

כמעט אין יעדן שמועס, וואָס איך האָב מיט משה לייבן געהאַט, האָט ער שטענדיק געהאַט צו דערציילן אַ ווערטל פון זיינעם אַ פריינט.

— פינטשע בערמאַן פון לאָס־אַנדזשעלעס האָט מיר אַמאָל געזאָגט אָט אַזוי וועגן דעם ענין.

— יאָסל דראָסט פון קליוולאַנד האָט איינמאָל געמאַכט וועגן דעם אַ טרעפלעכע באַמערקונג.

—חיים שאַפּיראָ פון באָסטאָן קאָנט איר דאָך? נו, יאָ, האָט ער זיך אַזוי אויסגעדריקט...

יעדער אָנגעזעענער דיכטער ביי אונדז האָט נאָענטע פריינט איבערן לאַנד, וואָס אינטערעסירן זיך מיט זיין לעבן און שאַפן. אָבער אין דעם הינזיכט האָט זיי, דאַכט זיך, משה לייב האַלפּערן אַלעמען איבערגעשטיגן. אָט זענען שוין אריבער אַכט יאָר זינט ער איז מער נישטאָ, און דאָך לעבן נאָך די צאָלרייכע פריינט זיינע איבערן לאַנד מיט אים, ווי ער וואָלט ערשט נעכטן זייערע שטיבער איבערגעלאָזן.

יעדער איינער האָט אייך עפּעס וואָס צו ווייזן, וואָס משה לייב האָט אין שטוב געלאָזן. ביי דעם געפינט איר אַ בוך מיט אַן אויטאָגראַף, וואָס מען היט אָפּ ווי אַ זעלטענעם אוצר. ביי

יענעם אַ פּאָר בריוולעך, וואָס ליגן באַהאַלטן צווישן די טייערסטע חפצים אין שטוב. אָפּגערעדט פון יענע פּריינט זיינע, וואָס פּאַר־מאָגן דעם דיכטערס האַנט־מאָלערייען, אָדער אַ פּאָרטרעטן־צייכענונג, וואָס דער דיכטער האָט מיט אַ בלייפעדער געצייכנט.

איר פאַלט אַריין צו דער קאַזשדאַן משפחה אין ניו־יאָרק, און בשעת איר שטייט אַזוי און באַוואונדערט משה לייב האַל־פּערנס אַ כתב־יד, וואָס איז איינגעראַמט און הענגט אויף דער וואַנט, ציט נתן קאַזשדאַן באַלד אייער אויפמערקזאַמקייט צו אַ קליין בענקעלע, וואָס שטייט לעבן אַ פאָטעל.

— איר זעט די מאַלעריי אויף אָט־אַ דעם ? דאָס איז געמאָלן פון משה לייב האַלפּערן !

מיט דעם טייערסטן חפץ אין הויז יחוסט זיך נישט אַזוי נתן קאַזשדאַן, ווי מיט דעם כתב־יד און דעם געמאָלענעם בענקעלע פונעם דיכטער.

און אַזוי, ווי ביי די קאַזשדאַנס אין ניו־יאָרק, איז אַזוי אויך ביי דער חיים שאַפּיראָ משפחה אין באָסטאָן.

אין פאָרהויז פון שטוב הענגט אַ שוואַרץ שטיקל סאַמעט, אויף וועלכן דער דיכטער האָט זיך געשפּילט מיט פאַרבן און קאָלירן און די לייוונטענע פאָרהאַנגען איבער די פענצטער פון דעם נאָענטן צימער ווערן אָפּגעהיט, ווי פּרוכתן, ווייל זיי זענען באַמאָלן מיט אונזערן פונעם דיכטערס הענט.

איר באַגעגנט זיך אין קליוולאַנד מיט יאָסל דראָסט. איז ווענן וואָס איר זאָלט מיט אים נישט רעדן פירט ער אייך גלייך אַרויף אויף משה לייבן, און אָפּטמאָל, אַז איר זיצט אַזוי און רעדט מיט אים, דאַכט זיך אייך אויס, אַז איר הערט משה לייבס רייד.

משה לייב האָט מיט מיר אַ סך מאָל גערעדט וועגן פינטשע בערמאַן פון לאָס־אַנדזשעלעס, און אַז איך האָב זיך באַגעגנט מיט פינטשע בערמאַן, איז גלייך די לופט אַרום אונדז פול געוואָרן מיט משה לייב האַלפּערנען.

און עס זענען נישט בלויז אָט די פּאָר משפחות, וואָס איך



מ. ל. האַלפּערן — זעלבסטפּאָרטרעט

דערמאָן דאָ. זיי זענען פיל, פיל מער. זיי זענען דאָ אין ניו־יאָרק, און זיי זענען צעוואָרפן איבער דער מדינה פון די שטאַטן, און זיי אַלע זיינען באַווירקט געוואָרן פון משה לייב האַלפּערנען פיל שטאַרקער, ווי גוטע לייענער ווערן באַווירקט פון אַ דיכטער. ער איז געווען זייער אָנשפּאַר מיט דעם געוואַלדיקן כוח, וואָס האָט פון אים געשלאָגן. ער איז געווען זייער חשיבות, וואָס אין דעם יידישן לשון, זייער לשון, קאָן געמאָלט זיין אזא ברויזנדיקער און קאַליריקער דיכטער.

ער איז דאָס געווען פאַר זיי ביי זיין לעבן און ער איז דאָס אויך איצט אַכט יאָר נאָך זיין טויט.

אַנטקעגן וואָס איז דאָס דערציילטע אייגנטלעך דערציילט געוואָרן ?

עס איז דערציילט געוואָרן אַנטקעגן דער טיפער ווירקונג, וואָס משה לייב האַלפּערן האָט געהאַט אויף די מענטשן מיט וועלכע ער איז געווען נאָענט.

ג

אין דעם ליטעראַרישן קרייז פון ניו־יאָרק בין איך געווען איינער פון די געציילטע צו וועלכע ער איז געווען באַזונדער נאָענט.

וויסן דאָס די נאָענטע פריינט זיינע און אַ צאָל פון זיי מאָנען ביי מיר אַ בוך וועגן אים.

עס איז נישט אַזוי קיין אָפּהאַנדלונג וועגן זיינע ווערק, וואָס זיי ווילן. זיי קאָנען זיך באַגיין אָן דעם אויך. זיי קאָנען אַלע זיינע לידער, און זיי האָבן זיך זייערע אייגענע מיינונגען וועגן זיי, וואָס קיינער אין דער וועלט וועט נישט איבעראַנדערשן.

וואָס זיי ווילן איז אַ באַשרייבונג פון משה לייב האַלפּערנס טאָג־טעגלעך לעבן, וואָס איך האָב געזען אַ סך אָפּטער ווי זיי האָבן דאָס געזען. זיי מאָנען ביי מיר משה לייבס רייד, וואָס ער האָט גערעדט צו מיר פאַר די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב

אים געקאָנט, כדי מסתמא זיי זאָלן הערן נאָכאַמאָל און ווידער־אַמאָל משה לייבס רייד, וואָס האָבן געקאָנט זיין פּונקט אַזוי צו זיי, ווי זיי זענען געווען צו מיר. מען בעט אויך, אַז איך זאָל איבערגעבן אַלצדינג, וואָס איך ווייס וועגן זיין פּערזענלעכן לעבן. קיין זאַך נישט אויסלאָזן. און אפשר ווייס איך גאָר זיין גאַנצע ביאָגראַפיע? אַ קשיה אויף אַ מעשה? אַ מענטש איז דורך אַזוי פיל יאָרן געווען נאָענט מיט האַלפּערנען, האָט ער דאָך אים געהערט פון צייט צו צייט דערציילן וועגן זיינע קינדער־יאָרן, וועגן טאַטע־מאַמען, וועגן זיין לעבן אין זלאָטשעוו, וועגן זיינע ערשטע ליבעס און וואָס נישט?

ווייל איך דאָ דערקלערן זיינע פריינט, אַז זיי זאָלן דאָס נישט דערוואַרטן אין אָט דעם בוך.

און נאָך אַ זאַך וויל איך קלאָר מאַכן, אַז די סיבה פאַרוואָס איך האָב ביז איצט נישט אויפגעשריבן קיין לענגערע אַרבעט וועגן אָט דעם מערקווירדיקן דיכטער און מענטשן איז טאַקע דערפאַר, ווייל מען האָט דאָס געמאָנט ביי מיר. ווען מען מאָנט ביי דיר איז דער אחריות פיל שווערער, ווי דו נעמסט זיך דאָס צו געבן מיט דיין אייגענעם ווילן. האָסט דעמאָלט דאָס געפיל, אַז מען דערוואַרט פון דיר, אַז מען וועט זוכן צו געפינען עפּעס אַזוינס און אַזעלכס, און אַז מען וועט נישט געפינען וועט מען זיך דערפילן אַנטוישט און ווער האָט דאָס חשק יענעם צו אַנטוישן?

האָב איך זיך דערפאַר אָפּגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט.

היינטיקן זומען אָבער איז ביי מיר אַליין פאַראַן אַ געוואַל־דיקער באַגער אויפצושרייבן אָט דאָס בוך.

די איבערלעבונגען אין דער נאָענטקייט פון משה לייב האַלפּערן זענען עפּעס היינטיקן זומער באַזונדער צערעדט אין מיין געמיט, און שוין צו־אָפּט כאַפּ איך זיך טראַכטנדיק וועגן אים און פּשוט רעדנדיק צו אים וועגן די שווערע געשעענישן פון אונדזערע טעג.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

עס קאָן זיין, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס קיינמאָל נישט פריער האָב איך זיך געפילט אַזוי פאַרלאָזן פון די שריפטשטעלער אין ניו־יאָרק, ווי היינטיקן זומער. יידישע שריפטשטעלער אין וועמענס שטיבער איך בין יאָרנלאַנג געווען אַן אָנגעקלייגטער גאַסט מאַכן זיך נישט זעענדיק, ווען זיי באַגעגענען מיך צופעליק אויף דער גאַס. לאַנג־יאָריקע חברים מיט וועלכע מען האָט גע־אַרבעט צוזאַמען און געוואַקסן צוזאַמען האָבן זיך פלוצלינג דערווייטערט, און אַז עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז עמיצער פון זיי שטרעקט מיר צופעליק יאָ אויס אַ וואַרעמע האַנט, ציטערט זי אונטער, וואָרים די בליקן ביי יענעם האַלטן זיך אין איין אַרומקוקן צי עמיצער זעט נישט, קוקט ניישט נאָך און וועט דערנאָך נישט מאַכן אַ גאַנץ וועזן דערפון.

וואָס איז געשען אַזוינס, וואָס האָט געפירט דערצו?

עס איז געשען, אַז די ערד דאָ ביי אונדז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, זיך צעשפּאָלטן אויף צווייען און בשעת די מערסטע האָבן אויסגעקליבן איין זייט, האָב איך אויסגעקליבן די צווייטע.

אמת, אַז אויף דער זייט, וואָס איך האָב זיך אויסגעקליבן זענען אויך דאָ יידישע שריפטשטעלער, יידישע אינטעלעקטואַלן, און דער עיקר אַ גרויסע לעבעדיקע און מחיהדיקע מאַסע. אָבער ווען אַ מענטש ווערט פלוצלינג איזאָלירט פון אַ משפחה אין וועלכער ער האָט געלעבט אַ סך פון זיינע יאָרן, טוט דאָס אים ווי אפילו ווען ער איז זיכער, אַז דער גאַנצער אמת איז מיט אים.

טוט מיר וויי. זייער שטאַרק וויי. וואָס שטאַרקער די פרייד אין דער אַרבעט, וואָס איך טו איצט, אַלץ שטאַרקער דער ווייטיק, הלמאי זיי נעמען נישט קיין אָנטייל אין איר און עס טראַכט זיך פון זיי אַלעמען, אָבער באַזונדער טראַכט זיך וועגן משה לייבן, וואָס וואָלט אפשר געשטאַנען אין דעם זעלבן לאַגער, ווי איך שטיי און אַ ווי גרינגער וואָלט דעמאָלט די אַרבעט געווען!

אָבער קיין ביאָגראַפיע פון אים קאָן איך דאָך נישט שרייבן.

אָט זענען זיינע קינדער־יאָרן אינעם גאַליציישן געבורט־שטעטל זלאָטשעוו מיר כמעט ווי נישט באַקאַנט. פונקט אַזוי

ווייניק ווייס איך וועגן זיינע יוגנטלעכע יאָרן אין לעמבערג און אין ווין. ערשט איצט כאַפּ איך זיך, אַז בלויז אין זעלטענע פאַלן פלעגט ער אַ וואָרף טאָן צו מיר אַ פּאָר ווערטער וועגן יענער צייט. און ווען ער האָט דאָס געטאָן איז דאָס אויך געווען בלויז ווען אַ געוויסער ענין האָט דאָס אַרויסגערופן.

— פונוואַנען ביי אייך אַזעלכע שטאַרקע מוסקולן? — האָב איך ביי אים איינמאָל געפרעגט.

— פוט־באָל! — האָט זיך אַ ריס געטאָן צו מיר פון זיין מויל מיט אַזאַ אימפּעט, ווי פון צווישן זיינע ציין וואָלט אַ פוט־באָל אַ זעץ געטאָן אין דער לופט אַריין.

און דאַן מיט לירישער בענקשאַפט אין זיין מעלאָדישן באַריטאָן־קול:

— ווינער זומערדיקע טעג אויף אַ ברייטן פעלד. פוט־באָל יונגען און איך צווישן זיי!

מיר האָבן דעמאָלט געשפּאַצירט אינעם ניו־יאָרקער צענטראַל פּאַרק. דער זומערדיקער אָוונט איז געהאַנגען אַ בלויער איבער דער ברייטער אַלייע און קיין אָטעם נישט געגעבן איבער די ביימער ביי די זייטן, וואָס זענען געשטאַנען פאַרשטאַרטע און זיך נישט גערירט.

— אַ קאַלטע גלאָז ביר וואָלט איצט געווען אַ שטיקל ענין, — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן.

איך האָב אָנגעטאַפּט אין מיין קעשענע די זיבן סענט, וואָס איך האָב פאַרמאָגט און גביריש אַנאָנסירט, אַז איך בין גרייט אים מכבד צו זיין, אָבער ער האָט אומבאַדינגט געוואָלט וויסן וויפיל געלט איך פאַרמאָג.

— זיבן סענט, — האָב איך מיט ברייטקייט ראַפּאָרטירט.

— זיבן סענט? — האָט ער שטיל איבערגעפרעגט און מיט געלעכטער, וואָס האָט זיך אַ יאָג געטאָן איבער דער אַלייע האָט ער צוגעגעבן:

— אַנטקעגן מיר זענט איר אַ מאַגנאַט, וואָרים איך האָב גאָרנישט.

— נו ? — האָב איך אים אַ צי־געטאָן, אַז ער זאָל גיין מיט מיר נאָך זיין באַגערטן גלעזל ביר.

— אַליין טרינק איך נישט, — האָט ער אַ ברום געטאָן און בײדע האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צו איינעם פון די שפּריצנדיקע פאָנטאַנדלעך צו שטילן אונדזער דורשט.

שפּעטער האָבן מיר שווייגנדיקע לאַנג געשפּאַצירט אַרום דעם גלאַנצנדיקן טייך אין פּאַרק איבער וועלכן יונגע פּאָרלעך האָבן זיך געשיפּלט און געזונגען. מיר בײדע זענען אויך נאָך יונג געווען, און אויך אונדז וואָלט זיך געוואָלט אַ שיפל טאָן און טאַקע האָבן מיידלעך לעבן זיך. אָבער דעם דורשט נאָך אָט דעם ביסל פרייד האָבן מיר שוין אָוועקגעטראָגן אַהיים, שפּאַנענדיק דורך די נאַכטיקע גאַסן פון ניו־יאָרק, און ער האָט גערעדט וועגן ווין און זיין פוט־באָל שפּילן.

ד

פאַרוואָס האָב איך אָנגעהויבן גראַדע מיט אָט דער איבער־לעבונג ?

איז זי דאָך נישט געווען די איבערלעבונג נומער איינס, וואָס משה לייב און איך האָבן צוזאַמען איבערגעלעבט. אָבער ווער זאָגט עס דען, אַז איך מוז זיין כראָנאָלאָגיש ? זאָל אַזוינס געטאָן ווערן פונעם ביאָגראַפער, וואָס וועט ווען סע נישט איז אויפקלייבן משה לייב האַלפּערנס לעבן און דאָס אונדז געבן טראַט נאָך טראַט. איך האָב נישט די געדולד דערצו. וועל איך דערפאַר לאָזן מיין פען פאַרצייכענען מאָמענטן מיט אים אָט אַזוי, ווי זיי וועלן קומען אין מיין זכרון. וועט קומען אַ שפּעטערדיקער פריער, וועל איך אים דורכלאָזן פריער, וואָרים וואָס איז דען סוף־כל־סוף דער איינטערשייד ?

אָט טויכט איצט אויף פאַר מיינע אויגן די סצענע, ווען ער איז אַריין אין איינעם אַ ווינטערדיקן אָוונט אינעם מילכיקן רעסטאָראַנטל אויף איסט־בראָדוויי און אַ קוק טוענדיק אויף מיר דורך זיינע גלאַנצנדיקע ברילן, האָט ער שטרענג אַ זאָג געטאָן :



רויזעלע האַלפּערן — צייכנונג מ. ל. האַלפּערן

— בחור, קומט.

אין דרויסן איז געפאַלן אַ קאַלטער און נאַסער שניי, וואָס האָט זיך געיאָגט דוקא גלייך אין די אויגן אריין און איך, נורנדיק זיך אין דעם רויטלעכן באַוואָלדיקן סוועטער, וואָס האָט דעמאָלט מיר געדינט פאַר אַ ווינטער־מאַנטל, האָב זיך פלוצלינג דערזען מיט אים צוזאַמען ביים אריינגאַנג פון אַ שער־הויז.

— וואָס פלוצלינג? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— מיר וועלן זיך אָפּשערן און אָפּגאָלן און דערנאָך וועלן מיר גיין עסן. — האָט ער געזאָגט און מיך געטאָן אַ צי ארונטער אין שער־הויז אריין, וואָס איז געווען אין אַ קעלער אויף הענרי גאַס.

שפּעטער, ווען מיר זענען געזעסן צוזאַמען איינער קעגן דעם אנדערן אין דעם זעלבן רעסטאָראַנטל איבער צוויי טעלער ראָזעווען בוריקע־באָרשט, בין איך געוואָרע געוואָרן, וואָס פאַר אַ גליק עס האָט אים היינט געטראָפן.

אויב איך האָב קיין טעות נישט איז דאָס געווען אין דעם ווינטער פון ניינצן פופצן און זעכצן.

אויף איסט־בראָדוויי האָט זיך פלוצלינג באַוויזן אַ לאַנגער ייד מיט אַ פוטערנעם טוליפּל און אַ גלאַנציקן אויטאָמאָביל, און מיר נישט, דיר נישט, האָט ער אָנגעהויבן ארויסצוגעבן אַ וואָכנ־שריפט פאַר יידישקייט און ליטעראַטור.

אַרבעטסלאָזע יידישע שרייבער האָבן זיך גאָר מחיה געווען. עטלעכע זענען אָנגעשטעלט געוואָרן אין דער רעדאַקציע און דרויסנדיקע האָבן געקראָגן באַצאָלט פאַר מיטאַרבעטן.

איך אַליין האָב דאָרטן אויך אָפּגעשטעקט אַ ליד פון אַ פּאָר פּערזן. אָבער אַזוי ווי מיין נאָמען איז נאָך דעמאָלט קיין נאָמען נישט געווען, האָט די רעדאַקציע זיך נישט געאיילט דאָס אָפּצו־דרוקן און איך בין יעדן סוף־וואָך געגאַנגען אהין מיט אַ האַרץ, וואָס האָט טאָפּלדיק געקלאַפּט. ערשטנס האָב איך געוואָלט זען דאָס ליד אָפּגעדרוקט, און, צווייטנס, האָב איך ביז גאָר גע־

דאַרפט האָבן דאָס פינפערל, וואָס מען האָט צוגעזאָגט צו באַצאָלן ווען דאָס ליד וועט שוין זיין אָפּגעדרוקט.

און עס איז געווען אין אָט דער רעדאַקציע וואוהין משה לייב האַלפּערן האָט זיך אַריינגעכאַפּט און האָט דאָרטן פאַרקויפט זיין לענגערע סאַטירישע פּאָעמע „פאַן יאַבלאָווסקי״ פאַר אַ גאַנצן פינף און צוואַנציקער, וואָס ער האָט געקראָגן טאַקע גלייך אויפן אָרט.

— וואָס דען, אַז מען איז שוין באַרימט אַזוי ווי איר! — האָב איך זיך געוויצלט מיט אים.

— וואַרט־צו, אַז איר וועט קומען אין מיינע יאָרן, — האָט ער מיך געטרייסט און געגעבן האָפענונגען און דערביי האָט ער מיט גרוים אַפּעטיט נעקייט דאָס ברויט מיט פּוטער און פאַר־טרונקען מיט דעם באָרשט.

ווי אַזוי איך אַליין האָב זיך געפילט ביי דער זעלבער אכילה דאַרף איך נישט דערציילן.

ביז היינט, אַז איך לייען משה לייב האַלפּערנס פּאָעמע „פּאַן יאַבלאָווסקי״ האָב איך פון איר אַ טאָפּלדיקע הנאה.

ערשטנס, די וואונדערבאַרע, געשמידטע פערזן, וואָס זענען אָנגעפילט מיט אַזוי פיל בילדערישקייט און איראָניע, און צווייטנס דער טעם פון יענעם געשמאַקן באָרשט, וואָס איך האָב געגעסן אַ דאַנק אָט דער פּאָעמע.

„ביים טיש זיצט ער ווידער מיט ווייב און מיט קינדער
די „וואָדקי" איז גוט און געשמאַק איז דאָס ברויט.
עס רוישט דורכן אָפענעם פענצטער די ווייכסל,
און וואונדערלעך שמעקט אים דאָס חזיר מיט קרויט.

„און שיין איז אויך דאָס, וואָס זיין סטודענט דערציילט אים
פון יענער גראַפיניע, די שענסטע פון לאַנד,
וואָס האָט באַנאָפּאַרטן זיך איבערגעגעבן
אַבי צו „ראַטעווען" דאָס פוילישע לאַנד.

„דאָס פּוילישע לאַנד און די שענסטע גראַפיניע ! —
יאַבלאָנסקי פאַרקלערט זיך, אים טוט אַזוי באַנק.
ער קלערט און עס מאָלט זיך אים אויס פאַר די אויגן
אַ מאָדנער, פאַנטאַסטישער, שיינער געדאַנק.

„אַט איז ער אַליין באָנאַפּאַרטע דער קייזער,
עס קניט די גראַפיניע פאַר אים אויף דער ערד.
און ער, באָנאַפּאַרטע, שטייט שטאָלץ ווי פון אייזן
געשטיצט זיינע הענט אויפן בלאַנקנדיקן שווערד".

אמת, קיין גראַפיניעס האָבן דעמאָלט נישט געקניט אויף דער ערד פאַר אונדז, אָבער אַרומגעשווירענע און פרישגעגאָלטע האָבן מיר ביידע ביים רעסטאָראַן־טישל זיך געפילט אַ סך בעסער, ווי דער קייסער באָנאַפּאַרטע האָט זיך געפילט לעבן דער שענצטער גראַפיניע.

ה

אינעם קאָמיטעט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן נאָך זיין טויט, אַרויסצוגעבן זיינע נאָך־נישט אָפּגעדרוקטע ווערק, בין איך אַריין, אָבער צוגעהאָלפן האָב איך זייער ווייניק אין דער אַרבעט.

נישט געקאָנט. פּשוט, די הענט האָבן זיך נישט געהויבן עפּעס צו טאָן.

צו־שטאַרק געפילט דעם פאַרלוסט פון דעם מענטשן גופא, אַז איך זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט זיין ירושה. ווען די צוויי בענדער זענען דערשינען, האָב איך זיי געקויפט און אַ לאַנגע צייט זיי נישט געקאָנט אויפעפענען. אויב איך האָב זיך פאַר־בענקט נאָך משה לייבס קול האָב איך דאָס סיזווי געהערט. געהערט דאָס בפועל ממש, ווי איך הער דאָס נאָך איצט און וועל דאָס הערן מיין גאַנץ לעבן. אַז עס האָט געטראָפן און איך האָב פאַרט דערפילט אַ באַגער נאָך זיינס אַ געדרוקט וואָרט, האָב איך זיך געווענדט צו די צוויי ביכער, וואָס זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן

ביי זיין לעבן. די לידער זיינע אין יענע צוויי ביכער רעדן נאָך ביז איצט צו מיר פון זיין לעבן, — זיין טאָג־טעגלעך לעבן, וואָס האָט זיך געצויגן, ווי אַ שווער אָנגעלאָדענער וואָגן איבער אַ זאַמ־דיקן וועג און ער אַליין, דער אָנטרייבער, ווי אַ פאַרוואונדעטער אָדלער, וואָס פּרובירט אַלע ווייל אַ שפּרייט־טאָן די פליגלען אין די הויכן און מוז זיי באַלד צוריק צונויפלייגן.

„יונגע פישער־יונגען זינגען, ווי דער ים, דער פרייער,
יונגע קאָוואַליעס געזונטע זינגען, ווי דאָס פייער.
מיר, געגליכענע צו חורבות אין אַ וויסטער געגנט
זינגען, ווי די פוסטקייט דאָרטן, ווען עס פלייצט און רעגנט".

יאָ, דאָס לעבן אונדזערס אין ניו־יאָרק האָט זיך געשלעפּט אין אַ וויסטער געגנט, אָבער ער אַליין איז פונדעסטוועגן געווען אַן אָאַזיס, כאָטש ער האָט נישט געוואוסט דערפון. לייען איך נאָך ביז איצט די לידער פון די ערשטע צוויי בענדער און פיל אים לעבן זיך, ווי אַן אָאַזיס אינדערמיט פון וויסטעניש, בשעת די צוויי בענדער, וואָס זענען דערשינען נאָך זיין טויט רעדן צו מיר פון דעם אָאַזיס, וואָס איז פון דער אַרומיקער וויסטעניש פאַרשלונגען געוואָרן.

זיי פילן מיך אָן מיט טרויער, אָט די לעצטע צוויי בענדער זיינע. און נישט נאָר מיט טרויער, נאָר אויך מיט בייזקייט אויף אים אַליין הלמאי ער איז אַזוי פלוצלינג פאַרשוואונדן געוואָרן פונדאַנען.

ביז איצט קאָן איך זיך נישט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז מיט זיין טויט האָט ער אונדז פשוט אָפּגעטאָן אויף צולהכעיס.

אַ צולהכעיסניק איז ער דאָך שטענדיק געווען סיי מיט זיין לעבן און סיי מיט זיין שאַפן.

אפילו זיך אַליין האָט ער דאָך שטענדיק געטאָן צולהכעיס.

זענען אַמאָל געזעסן עטלעכע שריפטשטעלער ביי אַ קאַפע־טישל מיט דעם דיכטער און רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט"

אברהם ליעסין, און האָבן געלויבט מיט געוואַלדיקן ענטוזיאַזם זיינס אַ ליד, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אינעם לעצטן נומער. פּלוצלינג באַוויזט זיך משה לייב און פאַרבייגייענדיק דאָס טישל, טוט אים עמיצער אַ נעם ביים אַרבל:

— האַלפּערן, האָט איר געלייענט חבר ליעסינס וואונדערבאַר ליד?

משה לייב כאַפּט אויף די חניפה פון מיטאַרבעטער צו זייער רעדאַקטאָר און זיין פּנים פאַרכמורעט זיך.

— געלייענט, — ברומט ער אַרויס.

— נו? — ווילן אַלע הערן אַ וואָרט און יעדערער איז זיכער, אַז אויך ער וועט זיך אָנשליסן אינעם כאָר.

— טויג אויף כפרות! — טוט ער אַ שאָס אַרויס, און פאַרלאָזט דאָס טישל.

ווען ער האָט דאָס מיר שפּעטער דערציילט, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז ער האָט דאָס ליד נישט געלייענט.

— סטייטש? — האָב איך אים געפרעגט און מיין פּנים האָט מסתמא אויסגעקוקט זייער און זייער פאַרוואונדערט.

משה לייב האָט זיך צעלאַכט מיט זיין כאַראַקטעריסטישן סטאַקאַטאָ געלעכטער.

— איר האָט געדאַרפט זען די פּנימער פון דער חברה, וואָס איז געזעסן אַרום אים!

— נו, און ליעסין אַליין? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— המ... ליעסין... יאָ, קענגן אים בין איך ווירקלעך באַגאַנגען אַן עולה... דאָס ליד איז אפשר גאָר טאַקע אַ גוטס... אָבער... כאַ, כאַ, כאַ, איר האָט געדאַרפט זען די פּנימער פון די חברה!

אָט אַזוי איז ער געווען. טאָמער האָט אים עפּעס אַ גרילץ געטאָן אין אַן אויער איז דאָס געווען ווי אַ ראָד וואָלט איבער־געפאָרן זיין האַרץ, און דעמאָלט איז שוין קיין פראַגע נישט געווען וועמען ער טוט וויי.

סוף־כל־סוף האָט ער מיט אָט דעם אויסברוך זיינעם זיך

אַליין גרויס שאָדן געבראַכט, וואָרים זיך דרוקן אין דער „צו־קונפט" האָט געמיינט עטלעכע דאָלאַר פון צייט צו צייט אויף ברויט.

אז מען רעדט אַ צולהכעיסניק איז דאָך ניט שייך.

מיט זיין טויט האָט ער אויך עפּעס ווי אָפּגעטאָן אַ צו־להכעיס.

אָט ערשט איז ער געווען מיט אונדז צוזאַמען און קיינער האָט נישט חושד געווען, אַז ער ליידט פיזיש אויף עפּעס. און פּלוצלינג אָן אַ שום וואָרנונג איז ער טויט.

בלויז איין וואָך פאַר זיין טויט בין איך געזעסן מיט אים אין אַ רומענישן ווייַנקעלער. מיר האָבן געטרונקען אַביסל וויין און צוגעביסן. פּלוצלינג פאַרווילט זיך אים טאַנצן און ער לאָדט איין אַ באַקאַנט מיידל פון אַ דערבייאיק טישל. אָבער נאָך אַ פּאָר מאָל זיך אַ דריי טאָן צו דער מוזיק פון דער צימבולאַ טוט ער אַ גיב איבער דאָס מיידל צו מיר.

— פאַרענדיקט איר, — האָט ער אַ ברום געטאָן, און אַז איך האָב שפּעטער שוין זיצנדיק צוריק לעבן אים באַמערקט, ווי ער אָטעמט שווער און ביי אים געפרעגט :

— וואָס איז, משה לייב ?

— גאָרנישט ! — האָט ער אַ ברום געטאָן. און כדי צו באַווייזן זיך אַליין אַפּנים, אַז עס איז אים ווירקלעך גאָרנישט, האָט ער אַ ברייטן זופּ געטאָן פון דער וויין־גלאָז, און נאָכאַמאָל אַ נעם געטאָן דאָס מיידל צום טאַנצן.

גאָרנישט !

עס איז ביז גאָר מאָדנע, ווי אָט דאָס וואָרט זיינס הערט נישט אויף צו קלינגען אין מיינע אויערן יעדעס מאָל ווען איך טראַכט פון זיינע לעצטע חדשים מיט אונדז.

איצט דערמאָנט זיך מיר, אַז עס איז שוין געווען צו אָפּט, וואָס איך האָב געהערט פון אים אָט דאָס וואָרט אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן.

דעמאָלט האָב איך קיין שום אויפמערקזאַמקייט צו אָט דעם

אויסדרוק זיינעם נישט געגעבן. מאַלע וואָס אַ מענטש נוצט דאָרטן אַן אויסדרוק. אָבער ערשט איצט הויב איך אָן צו באַ־נעמען, אַז דאָס איז ביי אים נישט געווען קיין צופעליקער אויס־דרוק. ער האָט געמוזט אין יענער צייט וויסן, אַז ער איז קראַנק, און וועלנדיק דאָס אוועקמאַכן מיט דער האַנט, האָט ער אויף זיך אַליין אָנגעשריגן, אַז דאָס איז גאָרנישט.

די לעצטע פּאָר יאָר פון זיין לעבן זענען ביי אים געווען די סאַמע שווערסטע.

זיי זענען פאַר אים געווען פיל שווערער ווי די ערשטע יאָרן דאָ אין לאַנד. כאָטש פּונקט ווי אין די לעצטע, זענען אויך די ערשטע יאָרן זיינע געווען שטענדיק פאַרנומען מיט דעם פּראָבלעם וועגן די קליינע לעבנסמיטלען, וואָס ער האָט געמוזט האָבן. אָבער בשעת אין יענע ערשטע יאָרן איז ער געווען אַליין, האָט ער אין זיינע לעצטע יאָרן געהאַט די זאָרגן וועגן אַ ווייב און אַ קינד, וועלכע ער האָט גרענעצלאָז ליב געהאַט.

ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט, איז ער געווען דער דיכטער־וואַגאַבונד. וואָס האָט „געפּויקט אין דער פּויק און גע דזשינדזשעט אין די טאַצן". דעמאָלט האָט ער געזונגען „ווי דער פויגל פריי און פריילעך" און געטענצלט אַ בלינדן טאַנץ און אָפּטמאָל אַפילו אַ „הפקר־טאַנץ גאַס אריין און גאַס ארויס" און אַזוי אַרום האָט ער זיך „דורכגעריסן און דורכגעביסן" צו דער פּאָזיציע פון אַ גרויסן דיכטער אין אונדזער יידישער דיכטונג.

אָט אַזוי זיך דורכגעריסן,
דורכגעריסן, דורכגעביסן
מיטן קאָפּ ווי דורך אַ וואַנט,
איבער שטעג און וועג און לאַנד
מיט די ציין
האַק דעם שטיין!
האַק דעם שטיין און בלייב אַליין!
הונט און שלעפּער, לומפּ און ווינט.

הפקר, הפקר דורך דער פרעמד!
האָב איך נישט קיין דאַך, קיין העמד,
האָב איך נישט קיין ווייב קיין קינד,
פּויק איך, אַז די פּויק זאָל פּלאַצן,
און איך דזשינדזשע אין די טאַצן,
דזשין, דזשין, בוו־בוס־בוס!
דזשין, דזשין, בוס!

אָט אַזוי איז דאָס געווען דעמאָלט, אָבער אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן?

נו, אָט איז ער שוין אַ באַרימטער דיכטער ביי יידן. זיין נאָמען איז אויף די ליפּן פון אַלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט יידישער ליטעראַטור. אָבער די פּאָר דאָלאַר צו צאָלן דירה־געלט האָט ער נישט און אין שטוב, וואו עס איז דאָ אַ פרוי, וואו עס איז דאָ אַ קליין ייִנגעלע איז אָפטמאָל נישטאָ קיין ברויט.

עס איז פּריקרע צו רעדן וועגן דעם. פּריקרע אפילו איצט נאָך אַכט יאָר פון זיין טויט. פּריקרע ווייל אַ בזיון, אַז אַ דיכטער פון זיין קאַליבער און נאָך אַזוי באַרימט ביי יידן, ווי ער איז געווען, און דאָך איז איינע פון זיינע שווערסטע פּראָב־לעמען שטענדיק געווען דאָס ביסל מאַטעריעלע אויסקומעניש.

— אַ שטיקל הכנסה, וואָלט איך געקאָנט אַרבעטן אויף אַ פּאָר גרעסערע זאַכן, וואָס רייסן זיך פון מיר, — פלעגט ער נישט איינמאָל אַ זאָג טאָן צו אַ נאָענטן מענטשן זיינעם.

אָבער דאָס שטיקל הכנסה איז קיינמאָל נישט געקומען און ער האָט אויף אָט די גרעסערע זאַכן, וואָס האָבן זיך געריסן פון אים נישט באַוויזן צו אַרבעטן.

אין שטוב ביי זיך, כאָטש אַרומגערינגלט מיט גרעניצלאָזער ליבשאַפט פון זיין פרוי רויזעלע, איז זיך אים נישט גערן געזעסן. און ווי אַזוי האָט ער געקאָנט זיצן אין שטוב, אַז די סאַמע נויטיקסטע זאַכן פאַר ווייב און קינד האָט ער נישט געהאַט.

— עס יאָגט מיך, — פּלעגט ער נישט איינמאָל באַקלאָגן זיך פאַר מיר.

אָבער, אַז ער איז אין זיין געיעג אַריינגעפאַלן אינעם קאַפע־הויז אַריין און זיך צוגעזעצט לעבן אַן אייגענעם מענטשן איז גלייך די ליבלינג טעמע זיינע געוואָרן זיין פאַמיליע.

— מיין יינגעלע האָט נעכטן געבראַכט אַהיים אַ גאַנצן הונ־דערטער אויף אַלע געגנשטאַנדן פון דער שול, — האָט ער דער־ציילט מיט טאַטע־שטאָלץ, און דערביי צוגעלייגט:

— איר האָט געמעגט הערן, וואָס די לערערין פון דער יידישער שול זאָגט וועגן אים.

גראָד האָט זיך אין דעם לעצטן זומער פון זיין לעבן גע־טראָפן עטלעכע קינדער־פּאַראַליז־אָנפאַלן אין ניו־יאָרק, וועגן וועלכע די צייטונגען האָבן אינפאָרמירט, און דאָס האָט משה לייבן אַזוי אומרואיק געמאַכט, אַז ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין דאָקטאָר אינעם קאַפעהויז, אַז ער זאָל ביי אים נישט אַ פרעג טאָן מיט גרויס ציטערניש אין קול:

— נו, וואָס זאָגט איר, עס איז דאָך נישט קיין עפּידעמיע, האַ?

— מיין רויזעלע איז אין גרויס ציטערניש, — האָט ער זיך פאַר מיר פאַרענטפערט הלמאי ער לאָזט אַזוי אָפט איבער מיין טישל און לויפט צו די טישלעך, וואו עס זענען געזעסן דאָקטוירים.

זאָרג, שווערע, ביטערע זאָרג האָבן אים אין די לעצטע פאָר יאָר פון זיין לעבן אַזוי צוגעדריקט, אַז אָט דער פלאַמענדיקער, שטענדיק רעוואָלטירנדיקער און בונטאַרישער מענטש פלעגט שוין אַביסל צו־אָפט בלייבן זיצן אַזאַ דערשלאָגענער און רעזיגנירטער, אַז עס איז אים נישט געוועזן צו דערקאָנען.

האָט זיך געטראָפן, אַז אַ באַקאַנטער האָט אויס העפלעכקייט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און געפרעגט:

— וואָס שרייבט איר עפּעס לעצטנס?

— עך, — איז געקומען דער ענטפער און אָפטמאָל מיט אַזאַ צולאָג:



אייזיק האַלפּערן — צייכנונג מ. ל. האַלפּערן

— וואָס־זשע, עס פעלט דען אויס שרייבערס ביי אונדז?

און אַז יענער האָט נאָך אַזאַ מין ענטפער שוין אַ פרעג געטאָן גלאַט אַזוי פון יוצא וועגן:

— איז וואָס־זשע טוט איר אַזוי, משה לייב?

— גאָרנישט! — איז געקומען דער ענטפער, וואָס האָט זיך אַ יאָג געטאָן פון זיין מויל, ווי אַ פּראָסטיקער ווינט אין דער לופט אריין.

ו

דער איינציקער פעריאָד פון זיין לעבן אין ניו־יאָרק אין וועלכן ער איז געווען באַזאָרגט מיטן שטיקל ברויט איז געווען, ווען ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער „פרייהייט". אמת, עס איז געווען אַ פּיסטנע שטיקל ברויט, ווי פּיסטנע עס איז דאָס ברויט פון אַלע שריפטשטעלער און טוער אין דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, אָבער דאָס שטיקל ברויט איז דאָך געווען.

אין יענעם פעריאָד איז משה לייב האַלפּערן אויך געווען פּרוכטבאַר.

כמעט זיין גאַנצער באַנד „די גאָלדענע פּאַווע" אין וועלכן עס זענען דאָ זיינע שטאַרקסטע לידער, געהערט צו יענעם פעריאָד פון זיין לעבן.

שווער, זייער שווער איז אים געוואָרן נאָכדעם, ווי ער האָט די „פרייהייט" פאַרלאָזט. ער וואָלט זיך אפשר געווען געקאָנט גרינגער מאַכן זיין מאַטעריעלע לאַגע, ווען ער וואָלט געווען זיך געשטעלט צום דינסט ביים צווייטן צד. האָט ער דאָס אָבער בשום אופן נישט געוואָלט טאָן.

— איך האָב זיך צעקריגט מיט עטלעכע מענטשן אין דער באַוועגונג, אָבער נישט מיט דער באַוועגונג, — האָט ער מיר אַ סך מאָל דערקלערט.

פאַרלאָזנדיק די „פרייהייט" האָט ער באַוואוסטזיניק זיך

באַמיט אַוועקצורוקן אין אַ ווינקל, וואו ער זאָל קאָנען זײַן מיט זיך אַליין.

עטלעכע יאָר האָט ער געלעבט מיט זיין פאַמיליע אין פאַר־שידענע שטעט פון אַמעריקע, וואו זיינע גוטע פריינט און פאַר־ערער האָבן אים באַזאָרגט מיט אַ דאַך און אַ שטיקל ברויט.

עס איז אָבער נישט ריכטיק, אַז אַט די גוטע פריינט און פאַרערער זענען געווען מיליאָנערן, ווי עס איז דער איינדרוק ביי געוויסע מענטשן.

איך קאָן זיי אַלע ביז היינטיקן טאָג און איך קאָן נישט אָנווייזן אויף קיין איין מיליאָנער צווישן זיי.

עס איז געווען דעמאָלט די צייט פון שפע אין אַמעריקע. נישט נאָר די געשעפטסלייט, נאָר אפילו די אַרבעטער האָבן פאַר־דינט מערער, און עס איז דערפאַר געווען נישט איבעריק שווער אויסצוהאַלטן דעם דיכטער.

האָט משה לייב האַלפּערן געלעבט אַ שטיק צייט אין לאָס־אַנגעלעס אונטער דעם געטרייען אויג פון דעם דיכטער און קולטור־טוער פינטשע בערמאַן, וועלכער אַרבעט שווער, ווי אַן אָנגע־שטעלטער אין אַ גרויסן פּרוכט־געשעפט. אין קליוולאַנד האָבן אים שטענדיק געשטיצט דער אינזשעניר פינקלשטיין, די ברידער מאיר, וויליאַם און הויפּטזעכלעך יאָסל דראָסט, וועלכער איז אַ שוסטער־אַרבעטער. אין דעטרויט — קאָן און פינקל, וועלכע זענען אין יענער צייט געווען אַביסל מער פאַרמעגלעך ווי זיי זענען היינט. אַ סך האָט געטאָן שמואל ראָזנפעלד, וועלכער איז געווען און איז געבליבן אַ לינקער־טוער. אין שיקאַגע האָט אים אַ שטיקל צייט געהאָלפן שרה דיבאָוו, וואָס איז אַ טוערין אין די דאָרטיקע שלום עליכם שולן. אין באָסטאָן האָט ער שטענדיק געפונען אַ מקום־מנוחה אין דער שטוב פון דעם קולטור־טוער חיים שאַפּיראָ, וועלכער האָט אין יענער צייט זיך געקאָנט דערלויבן צו לעבן אַביסל ברייטער, ווי ער קאָן זיך דאָס דערלויבן אין די איצטיקע טעג, און אין ניו־יאָרק גופא, געדענקט זיך מיר בלויז איין נתן

קאזשדאן, און פון צייט צו צייט מ. קאַטין, וואָס האָבן זיך גע־זאָרגט וועגן אים.

אָט דאָס איז דאָס צעטל פון די מענטשן איבער דער גאַנצער מדינה. עטלעכע פון זיי מער אָדער ווייניקער פּאַרמעגלעכע אין יענער צייט, די איבעריקע האַרעפּאַשניקעס אפילו אין יענער שפּע־דיקער צייט. אָבער פּלוצלינג האָט זיך די צייט אַ בייט געטאָן צום ערגערן. די שפּע איז אויסגערונען געוואָרן און עס איז אָנגעקומען אַזאַ שווערע צייט, אַז נישט נאָר די האַרעפּאַשניקעס, נאָר אפילו די פּאַרמעגלעכע זענען מער נישט געווען ביכולת צופיל אינזינען צו האָבן די לאַגע פון זייער באַליבטן און זייער נויטבאַדערפטיקן דיכטער.

איז טאַקע משה לייב האַלפּערנען זייער, זייער שווער געוואָרן צו לעבן.

געווען צייטן, ווען אַ פּאָר נאָענטע חברים, דיכטער, האָבן זיך געטיילט מיט אים מיט דעם ביסן, אָבער דער ביסן, וואָס אָט די נאָענטע חברים האָבן געהאַט איז געווען אַזאַ מאָגערער, אַז דאָס אָפּגעטיילטע האָט זייער אַ קליינעם ווערט געהאַט.

האָט משה לייב האַלפּערן גאָרנישט געפּרובירט צו זוכן קיין אַרבעט?

אודאי האָט ער געזוכט און נישט דוקא ביי שרייבעריי האָט ער געזוכט, נאָר אויך אַנדערע מינים אַרבעטן האָט ער געזוכט. אָבער די צייט איז געווען אַזאַ שווערע, אַז עס איז געווען אומ־מעגלעך עפּעס צו געפינען.

ער איז געווען אַ חוץ אַ וואונדערלעכער דיכטער, אויך באַגאַבט מיט אַנדערע פייאיקייטן. ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט צום צייכענען, מאָלן, דעקאָרירן און שניצן. אָבער קאַרג הענט אַזעלכע געפינען זיך אין ניו־יאָרק, וואָס זענען וויליק צו טאָן אַרבעט און האָבן נישט ביי וואָס?

אָט שטייט ער פאַר מיינע אויגן אין יענער שווערסטער צייט זיינער.

דאָס גרויסע, אויסדרוקספולע פּנים פאַרטראַכט און פאַרזאָרגט,

אָבער שטענדיק אַ גלאַט־גערײַזירטער, אַן אויסגעוואַשענער, אַ זויבערער און די מלבושים אַזעלכע ריינע און אויסגעפּרעסטע. זעענדיק אים זיצן ביי אַ טישל אינעם קאַפעהויז, האָט זעלטן אַ זייטיקער מענטש געקאָנט האָבן אַן אָנונג, אַז ער זיצט מערסטן אַ הונגעריקער, אַז ביי אים אין די טאַשן איז קיין ניקל נישטאָ אויף אַ טעפּל קאַווע זיך צו באַשטעלן. אַרויסצואווייזן זיין נויט פאַר יענעם וואָלט געווען פאַר אים פיל שווערער, ווי איבערצו־טראָגן די נויט גופא. האָט ער זי געטראָגן צוגעדעקט מיט זיין עלעגאַנץ און פאַר גאָר נאָענטע מענטשן אָפטמאָל אָפּגעחוזקט פון דעם אייגענעם שטאָלץ.

ער האָט געהאַט אין זיך אַ טיפן, איינגעבוירענעם שטאָלץ אין וועלכן ער אַליין פלעגט שיקן די שאַרפסטע פיילן און אים דאָך נישט געקאָנט בייקומען.

אָט דערמאָנט זיך מיר אַזאַ מאָמענט מיט אים איינמאָל אין אַ הייסן זומער נאָכמיטאָג.

איך בין געלאָפן פון דער „טאָג"־רעדאַקציע אָן אַן אָטעם אין קאַפעהויז אריין אָנצוזאָגן משה ליבן אַ גוטע בשורה.

וואָס איז געשען?

דער דיכטער ראובן אייזלאַנד, וואָס איז אַ מיטאַרבעטער אינעם „טאָג" און איז יענעם זומער געווען אין דער פאַרוואַלטונג פונעם פּרץ־שרייבער פאַראיין, האָט מיר דערציילט, אַז אים איז ענדלעך געלונגען דורכצופירן, אַז דער פאַראיין זאָל העלפן האַל־פערנען חודשלעך מיט עטלעכע דאָלאַר. איך געדענק נישט איצט אַקוראַט, ווי גרויס די סומע האָט געדאַרפט זיין, אָבער איך געדענק, אַז לויט מיין חשבון איז זי געווען גענוג צו באַצאָלן דאָס דירה־געלט פונעם דיכטער.

— אַ קלייניקייט, דירה־געלט! — האָב איך זיך זייער גע־פרייט. אָבער ווען איך האָב איבערגעגעבן משה ליבן אָט די נייעס איז ער רויט געוואָרן און זיינע אויגן האָבן זיך צעצונדן:

— איך וועל נישט נעמען!

— סטייטש, משה לייב?

דאָ האָט ער אַ פּיר־געטאָן מיט זיינע גרויסע הענט איבערן פּנים און זיך שטיל צערעדט:

— פון אייזלאַנדס זייט איז דאָס זייער חבריש. ער איז אַ דיכטער און זיין הילף וואָלט איך גערן אָנגענומען, אָבער אין פּריץ־פּאַראיין זענען פּאַראַנען מענטשן צו וועלכע איך האָב קיין שום שייכות נישט און וועלכע האָבן בכלל קיין שום באַציאונג נישט צו קיין דיכטער. איז ווי־זשע וועל איך קאָנען? יעדער ביסן ברויט פון אָט אַזעלכע וועט דאָך זיין פאַר מיר סם.

דאָ איז ער אַ ווייל שטיל געוואָרן. די מרה־שחורה אויף זיין פּנים האָט געוויזן, אַז עס איז אים זייער שווער צו רעדן וועגן דעם ענין. אָבער שפּעטער האָט ער צוגעלייגט:

— איר פאַרשטייט? עס איז אַ גרויסער חילוק פון וועמען מען נעמט הילף. מענטשן נאָענטע און אייגענע זענען עפּעס אַנדערש, אָבער מענטשן, וואָס האָבן צו דיר קיין שום שייכות נישט!

איך האָב אים פאַרלאָזט מיט אַ שווער געמיט, אָבער אין אָוונט, ווען ער האָט מיך דערזען האָט ער זיך זייער דערפרייט און זיין פּנים האָט געשיינט.

— ווייגפער, איך וואַרט אויף אייך די גאַנצע צייט.

— וואָס איז געשען?

— הערט, איך האָב אַ גאָלדענעם פּלאַן פאַר פּרנסה.

— יאָ? — בין איך געוואָרן זייער נייגעריק.

— אָבער איר מוזט זיין מיט מיר צוזאַמען. אָן אייך וועל איך נישט אונטערנעמען.

— נו, לאָמיר שוין הערן? — בין איך נאָך שטאַרקער נייגעריק געוואָרן.

— מיר וועלן בײדע ווערן שיכפּוצער! — האָט ער אַרויס־געשאָסן אין אַ טאָן פון גרויס באַגייסטערונג.

— שיכפּוצער?

— יאָ, וואָס איז, עס פּאַסט אונדז נישט?

איך האָב אויפגענומען זיין פאָרשלאַג, ווי אַן אויסברוך פון

פאַרצווייפלונג, און נישט טראַכטנדיק קיין איין מינוט, אַז ער מיינט דאָס ערנסט, האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב אים ווילט זיך דווקא שוכפּוצעריי, איז מהיכי־תיתי, וועלן מיר פּוצן שיך צוזאַמען. אָבער ער האָט דעם ענין טאַקע גענומען זייער ערנסט. אויף מאָרגן איז ער אַריבערגעקומען צו מיר מיט אַ בריוו, וואָס ער האָט אויפגעשריבן צו יאָסל דראָסט קיין קליוולאַנד, וואָס האָט דאָרט אַ שוסטעריי און שוכפּוצעריי, אַז יענער זאָל אַריבער־קומען און העלפן מיט זיין דערפאַרונג איינשטעלן פאַר אונדז ביידן דאָס געשעפט אין ניו־יאָרק.

— ווער־זשע וועלן זיין די שיכפּוצער? — האָב איך גע־פרעגט אַביסל אין אַ שפּאַסיקן טאָן.

— מיר ביידע, — האָט ער געענטפערט און טאַקע גלייך דערביי גענומען מאָלן פאַר מיר אַ בילד, ווי אַזוי אונדזערע שוכ־פּוצעריי וועט אויסזען.

— אַ ריין, אויסגעפּוצט געשעפטל אויף דער צווייטער עוועניו, וואָס איז דאָס האַרץ פון דעם יידישן לעבן אין ניו־יאָרק. אין דרויסן וועט הענגען אַ שילדל מיט יידישע אותיות, פאַרשטייט זיך: „האַלפּערנס און וויינפּערס שוכפּוצעריי". אויף די פענצטער דאָס איינגענע, מיט אַ צוגאָב פון אַ פּאָר פיינע צייכענונגען געמאָלן פון אים אַליין. אינעווייניק נעטע שוכפּוץ־שטולן, אַ פּאָר פיינע טישלעך, אויף וועלכע עס וועלן ליגן די גוטע יידישע זשורנאַלן פון דער גאַנצער ערד. די ווענט וועט מען באַצירן מיט בילדער פון יידישע שריפטשטעלער, וואָס זענען אונדז צום האַרצן. מען וועט אויך אויסהענגען לידער־מאַנוסקריפּטן פון אונדזערע בעסטע פּאָעטן און מיר ביידע וועלן טראָגן יוניפאָרמס.

— יוניפאָרמס? — האָב איך געפרעגט, און מסתמה דערביי געשמייכלט.

— וואָס־זשע שמייכלט איר? — האָט ער געפרעגט און זיינע גרויסע אויגן זענען דעמאָלט געווען אַזוי בלוי און טרוימעריש.

— יוניפאָרמס, וואָס באַצייכענען די חשיבות פון אַרבעט זענען שיין, — האָט ער געזאָגט און דערביי צוגעלייגט:

— זאָלן אַנדערע עסן ברויט פון זייער שרייבן און מיר וועלן עסן ברויט פון פוצן שיך און דערביי אויך שרייבן.

אָט דאָס, וואָס איך דערציייל דאָ איז געשען אינעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן. די מעגלעכקייט, אַז דאָס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן האָט אים אַזוי אויפגעלעבט, אַז זיין פּנים האָט זיך אינגאַנצן געביטן. די זאָרג איז פאַרשוואונדן און ער איז געוואָרן באַרעדעוודיקער:

— אין דער זעלבער צייט וועלן מיר ביידע רעדאַקטירן דעם „אויפקום" און טאָקע אפשר אויך קאָנען אים אויסהאַלטן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט דאָס געשעפט איז נישט פאַר אונדזערע כּחות. דער באַשלוס צו ווערן שיכפּוצער איז ניט געווען געגנוג. מען האָט אויך געדאַרפט האָבן כאָטש אַ טויזנט דאָלאַר איינצוזאָלן אַביסל דירה־געלט און אויף צו קויפן מכשירים. אַזאַ סומע האָבן מיר ביידע נישט געהאַט און די גוטע פריינט זענען אויך נישט געווען אין קיין לאַגע אַזאַ סומע אונדז אויסצולייען. פונדעסטוועגן איז דער פּלאַן נישט אויפגעגעבן געוואָרן. מען האָט כּסדר פון אים גערעדט און געמאַכט אַלערליי פּלענער, ווי אַזוי די סומע צו באַשאַפן.

און ווער ווייסט?

עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז ווען דער טויט וואָלט זיך פּלוצלינג נישט געווען אַריינגעמישט, וואָלטן מיר ביידע אפשר געווען איצט שיכפּוצער אויף דער צווייטער עוועניו פון ניו־יאָרק און פון אונדזערע פאַרדינסטן אויך געוואָרן שטיקלעך מעצענאַטן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

ז

אָנהייב סעפּטעמבער פון דעם יאָר ניינצן צוויי און דרייסיק איז דאָס געשען.

די גאַנצע יידישע קולטור־וועלט איז אויפגעציטערט געוואָרן פון די נייס, אַז משה לייב האַלפּערן איז פּלוצלינג געשטאָרבן.

איך האָב זיך יענעם פרימאָרגן אומגעקערט פונעם אַרבעטער־רינג זומער־פּלאַץ, וואוהין ער האָט מיך מיט אַ פּאָר טעג פריער צוגערעדט צו פאָרן.

— כאַפּט זיך אַריבער אויף אַ פּאָר טעג, — האָט ער מיך צוגערעדט, זיצנדיק קעגנאיבער מיר אינעם גערטנדל פון דעם קאַפע „ראָיאַל".

עס איז געווען אַ הייסער דאָנערשטיק אָוונט פונעם סוף־אויגוסט. די היץ האָט געשטיקט און מיר ביידע זענען געזעסן אָן רעקלעך מיט צעעפנטע העמדער ביי די העלדזער און זיך געקילט מיט קאַלטע קאַווע, וואָס מיר האָבן געזופּט דורך שטרויעלעך.

די מענטשן איבער דער עווענין זענען געגאַנגען מיט מידע און פאַמעלעכדיקע טריט און די העלדזער זענען ביי אַלעמען געווען אויסגעשטרעקטע, ווי ביי גענדז אין דעם שטיקנדיקן אָוונט אַריין, זוכנדיק אַביסל לופט צו כאַפּן דעם אָטעם.

— אפשר פאָרט איר אויך מיט? — האָב איך זיך ביי אים געבעטן, האָבנדיק אין זינען, אַז אַ פּאָר טאָג אין אַ זומער־פּלאַץ וואָלט אים אַ סך גוטס געטאָן.

— מיר וועלן ביידע מאַכן עטלעכע נייע אַבאָנענטן פאַר דעם „אויפקום" און זיך אַזוי אַרום אויסשלאָגן צו די הוצאות, — האָב איך געזאָגט, וויסנדיק, אַז ער טראַכט וועגן די פּאָר דאָלאַר, וואָס דאַרף קאָסטן און וועלכע זענען נישט געווען.

אַ ווײַלע איז ער געזעסן אַ פאַרטראַכטער, פאַרריכטנדיק די ברילן אויף דער נאָז. אָבער באַלד האָט ער אָנגעשפּאַרט זיין קין אויף די גרויסע הענט זיינע און מיט גרויס טרויער אין די אויגן און בייזקייט אינעם קול אָנגעהויבן צו רעדן:

— אַ צעריסן לעבן ביי אונדז! — האָט ער אַ ברום געטאָן און פאַרגעזעצט:

— ווען איך בין געווען פאַרבונדן מיט דער „פרייהייט", בין איך געוואָרן טריף ביים קעגנערישן צד און איצט, אַז איך בין אויפגעבונדן איז דאָס פאַר דעם קעגנערישן צד נישט גענוג.

ביז וואַנען איך וועל זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ בייטש צו שלאָגן די „פרייהייט”, וואו איך האָב מיטגעאַרבעט, וועל איך ביים קעגנערישן צד נישט כשר ווערן!

אַט די רייד האָט ער גערעדט מיט גרויס ווייטיק, טראַכטנדיק, אַז ער וואָלט נישט געווען ווילקאָמען אין דעם אַרבעטער ריינג קעמפּ.

— מיט דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג בין איך נישט צעקריגט. עס זענען דאָ עטלעכע אין דער פירערשאַפט, וועלכע איך וואָלט גערן אַריינגעבייטשט. ווען איך וואָלט דאָס געקאָנט טאָן אין די רייען פון דער לינקער באַוועגונג וואָלט איך זיך געפילט גוט, אָבער אַריבערגיין צוליב דעם אויף רעכטס און פון דאָרטן דאָס טאָן, קאָן איך נישט.

אַט אַזוי האָט ער גערעדט צו מיר יענעם אָוונט, און ווי ער וואָלט פאַר זיך אַליין געוואָלט קלאָר מאַכן עפּעס, וואָס האָט אים געמאַטערט, האָט ער צוגעלייגט.

— און אפשר דאַרף אַ מענטש אַריבערשפּרינגען פּערזענלעכן ווייטיק צוליב אַן אידייע, אָבער מיר פּאָעטן קאָנען דאָס נישט.

דאָס וואָרט „פּאָעטן” האָט ער אַרויסגערעדט אויסגעצויגן מיט דריי „עעעטן”, ווי מיט אַ חוזק טאָן.

מען דאַרף פונדעסטוועגן נישט דרינגען, אַז ער האָט געהאַט אַ שוואַכע מיינונג וועגן פּאָעטן. אדרבה. ער איז געווען איינער פון די ווייניקעסטע אין דעם דיכטערישן קרייז, וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע ליבשאַפט צו דיכטער און קינסטלער בכלל. ער האָט אויף אַ מערקווירדיקן אופן באַנומען די קאַפּריזן פון קינ־סטלער און שטענדיק זיי אַנטקעגן געקומען מיט פאַרשטענדעניש.

— מען דאַרף אים מוחל זיין. ער איז אַ קינסטלער, נעבעך, — פלעגט זיין ביי אים אַ טבע צו זאָגן און אין אָט דעם „זאָג” איז געווען אי פאַרטיידיקונג און אי חוזק.

וועגן זיך אַליין אויך דאָס אייגענע, ווען ער האָט זיך אַליין געכאַפּט ביי עפּעס אַ נאַרישקייט.

— איך בין אַ דיכטער, נישט פאַר אייך געדאַכט.



ז. ווײַנפּער — צייכנונג מ. ל. האַלפּערן

איינמאל האט ער אינעם קאפע הויז באמערקט, ווי שלום אש פרייט זיך זייער שטארק, וואס עפעס אן אלרייטנישער עם־הארץ זאגט אים, אז ער איז דער גרעסטער שרייבער ביי יידן, האט ער זיך אזוי צעקאכט אויפן חשבון פון אשן, אז פייער האט געברענט אויף זיין צונג. אבער ווען עמיצער ביים טישל האט אנגעהויבן צו מינימיזירן אשס טאלאנט, האט ער א קוק געטאן אויף יענעם מיט רציחה:

— איר זענט א פערד! — האט ער בייז ארויסגעברומט.

יענעם אוונט איז משה לייב האלפערן שוין געווען פול מיט אשן.

— גיי איך זיך אמאל אזוי איבער איסט בראדוויי און עס באגעגנט מיך אש.

— העלא, משה לייב, — זאגט ער צו מיר.

— העלא, אש, ענטפער איך און וויל זיך גיין ווייטער מיין וועג, אבער ער שטעלט מיך אפ און זאגט צו מיר מיט די ווערטער.

— יאך האב גרויס הנאה געהאט פון אייער שיקסל.

— וועלכע שיקסל? — וויל איך וויסן.

— דאס שיקסל פון אייער ליד אין דעם לעצטן נומער „צוקונפט”, זאגט ער צו מיר, — און די גרויסע, שיינע אויגן זיינע זענען דערביי אזעלכע צעלויכטענע.

— יא, א מערקווירדיקער קינסטלער שלום אש. איך האט געדארפט זען, ווי די בייטעלעך אונטער זיינע אויגן האבן געציטערט, ווען ער האט צו מיר גערעדט וועגן מיין שיקסל אין דער „צוקונפט”.

ער האט שטיל און לאנג געצויגען דעם רויך פון זיין סיגארעטל און זיין פנים איז דערביי געווען אי ליריש און אי חוזקדיק.

— זאגט אייך וואס איר ווילט וועגן אשן, אבער א ביז־נאר פיין פנים ביי אים. איך האב שטארק ליב אזעלכע פנימער. מיט אזעלכע פנימער זענען בלויז גרויסע קינסטלער געבענטשט.

אַט אַזוי פּלעגט ער רעדן וועגן קינסטלער, פון איין זייט חוזקדיק און פון דער צווייטער זייט פול מיט באַוואונדערונג און געוואַלדיקער פּיעטעט.

— מאַני לייב פּעשטשעט זיך ווי אַ מיידל, — פּלעגט ער זאָגן, און טאַקע גלייך אויפן אָרט אָנהויבן ציטירן מיט לירישן ציטער שורות פון מאַני לייבן, וואָס ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט.

— אַ פּראַכטפולער פּאָעט. דין ווי אַ פידל.

אָבער פּונקט ווי ער האָט ליב געהאַט עכטע קינסטלער און גרייט געווען אַלצדינג זיי מוחל צו זיין, איז ער פּונקט אַזוי געווען ביטער צו די יענע, וואָס האָבן לויט זיין מיינונג קיין טאַלאַנט נישט געהאַט און זיך דאָך געריסן קינסטלער צו זיין.

צו אַזעלכע איז ער געווען אומרחמנותדיק אין זיינע אַטאַקעס.

— זעט נאָר, זעט, ווי דער ליגנער איז אויסגעשפּרייט איבער אים, ווי אַ צוגעגלעטע קאָלדרע איבער אַ בעט.

— באַטראַכט נאָר דאָס פּנים, עס איז דאָך גלאַט ווי אַן אָפּגעהובלט שטיקל האָלץ.

— ריטם האָט ער? נו, יאָ. ליידיקע מיסטקעסטלעך, אַז מען וואַרפט זיי אין מיסטוואָגן אַריין האָבן אויך ריטם.

— זיין טאַלאַנט גלאַנצט, ווי אַן אָפּגעפּוצטער קאַמאַש פאַר אַ ניקל.

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון די עפּיטעטן מיט וועלכע ער האָט מכבד געווען יענע פון וועמענס ווערק ער האָט נישט געהאַלטן. זיי זענען געווען פיל מער.

אמת, נישט שטענדיק איז ער געווען גערעכט מיט זיינע אָפּשאַצונגען. נישט איינמאָל האָט ער איבערגעכאַפּט די מאָס. עס האָט אויך נישט איינמאָל געטראָפן, אַז ער אַליין האָט חרטה געהאַט.

— הערט נאָר, הערט. איך האָב נעכטן איבערגעלייענט דעמס און דעמס אַ ליד און וואָס זאָגט איר נישט צו דעם? ער האָט דאָך יאָ עפּעס אין זיך!

— ווי אַזוי האָב איך דאָס פריער נישט געזען ? ער איז דאָך אַ פּאָעט, אָט דער יונג !

און זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז אַ פּאָעט, האָט געמיינט ביי אים יענעם אריינצונעמען צווישן די פּריווילעגירטע וועמען מען דאַרף שוין אַמאָל מוחל זיין אַ מענטשלעכע שוואַכקייט, וואָרים :

— דער יונג איז דאָך אַ פּאָעט !

ח

יענער אָוונט, ווען איך האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל אַ לעבעדיקן, שטייט מיט באַזונדערער קלאָרקייט פאַר מיינע אויגן.

איך געדענק, אַז איך האָב זיך אויפגעהויבן עטלעכע מאָל פונעם בענקל מיט דער דעה אַוועקצוגיין אַהיים, וואָרים אויב שוין יאָ פאָרן אויף מאָרגן אינדערפרי אין דעם אַרבעטער־רינג זומער־פּלאַץ, האָב איך זיך געדאַרפט צוגרייטן און דאָך האָב איך עפּעס בשום אופן נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזן דאָס טישל ביי וועלכן ער איז מיט מיר געזעסן און געשמועסט.

יעדעס מאָל, וואָס איך האָב זיך אויפגעהויבן, האָב איך אין זיך אַליין געפונען עפּעס אַ תירוץ זיך צוריק אַוועקצוזעצן.

האָב איך אין זיך געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז איך זיץ מיט משה לייב האַלפּערן צום לעצטן מאָל ?

נאַרישקייטן.

איך האָב נישט געהאַט קיין שום סיבה אַזאַ פאָרגעפיל אין זיך צו האָבן. זיין אויסזען איז דעמאָלט נישט געווען ערגער, ווי אַלעמאָל אין די לעצטע פאָר יאָר פון זיין לעבן. אמת, ער האָט אין די לעצטע יאָרן נישט אויסגעקוקט ווי אין די פריער־דיקע, ווען ער איז געווען אַ מענטש אַ באַפּליישטער, אָבער נישט ער אַליין און נישט זיינע נאָענטע פריינט האָבן זיין דין ווערן אָנגענומען ווי אַ סימן פון קראַנקייט.

אדרבה.

מיר, די נאָענטע פריינט זיינע פלעגן זיך גוטמוטיק וויצלען.

— האלפערן ווערט שענער פון יאר צו יאר.

— א גרויער קאפ און א פיגור ווי ביי א יונג מיידל, — האבן מיר נישט איינמאל באמערקט וועגן אים מיט באוואונדערונג.

ער אליין פלעגט באזונדער שטאלצירן מיט זיין שלאנקער פיגור.

— איר געדענקט, וויינפער, ווי אזוי איך האב אויסגעזען, ווען מיר האבן זיך באקאנט?

און אז איך פלעג ביי אזא געלעגנהייט זיך באקלאגן אויף מיין איבעריקער וואג, פלעגט ער זיך וויצלען:

— ווארט,ווארט, איר וועט קומען אין מיינע יארן, וועט איר אויך אויסקוקן א שיינער בחור.

עס געדענקט זיך מיר קלאר, אז איידער איך האב אים איבערגעלאזט, איז ער געווען ביז גאר אויפגעלעבט.

דאס בלויע העמדל, וואס איז געווען אפן ארום זיין האלדז האט אים פיל יונגטלעכער געמאכט. דאס פנים ביי אים איז געווען צוגעברענט פון דער זון, און גערעדט האט ער מיט א באזונדערער צופרידנקייט אין זיין קול, וואס אויך ער וועט דעם סוף־וואך א לעב טאן.

— די בראנס האבן מיך איינגעלאדן צו זיך קיין ראקאוועי אויפן סוף־וואך, — האט ער מיר געזאגט אין א טאן, ווי ער וואלט מיך געוואלט בארואיקן, אז ער איז נאך אינגאנצן נישט קיין פארלוירענער.

— מיין יינגעלע און מיין רויזעלע וועלן גאר אפלעבן א פאר טעג ביים ים.

ווען ער האט דאס געזאגט איז אין זיין בליק געווען א סך גוטסקייט, וואס איז פונדעסטוועגן געווען אויסגעמישט מיט חוזק.

די גוטסקייט איז געווען אויפן חשבון פון זיין משפחה, וואס ער האט שטארק ליב געהאט, אבער אויף וועמענס חשבון איז דעמאלט געווען דער חוזק?

איך געדענק, אז זיצנדיק קעגן איבער אים, האב איך דעמאלט געטראכט פון די „בראנס", וואס ער האט דערמאנט.

די באַראָנס, דאָס זענען די ברידער פון רויזעלע האַלפּערן. משה לייבס שוואָגערס. צווישן זיי איז דאָ איין ברודער יאַנקל, אַן אַרבעטער, וואָס איז שטענדיק געווען ביז גאָר איבערגעגעבן דער האַלפּערן משפּחה און משה לייב האָט אים זייער ליב געהאַט.

אָבער דאָס מאָל האָט משה לייב געמיינט דעם ברודער א. ל. באַראָן, דעם גביר אין דער משפּחה, וואָס האָט אין די פריערדיקע צייטן פאַרשאַפט אַ סך אומרו און פּיין משה לייבן.

איך געדענק, אַז יענעם אָוונט האָב איך געהאַט אַ באַגער צו פרעגן משה לייבן וועגן זיינע איצטיקע באַציאונגען צו אַט דעם שוואָגער, אָבער וויסנדיק זיין שווערע לאַגע, האָב איך דעם באַגער אונטערדריקט. ניט געוואָלט אויפמישן דאָס בלעטל געשיכטע פון זיין לעבן, וואָס איז געווען זייער וואונדיק.

א. ל. באַראָן האָט אין זיין פריער יוגנט געשריבן לידער. געהאַט אַמביציע אַ דיכטער צו ווערן און איז געוואָרן אַ זייער דערפאָלגרייכער אַנאָנס־שרייבער און געשעפטסמאַן. און עס איז געווען אָט דער זעלבער א. ל. באַראָן, וואָס האָט ממש איינגעלייגט וועלטן, אַז זיין שיינע יינגערע שוועסטער זאָל ניט חתונה האָבן מיט משה לייב האַלפּערן.

צי דאָס איז געווען די שנאה פון אַ ניט־דערגאַנגענעם צו איינעם, וואָס גייט מיט ברייטע שפּאַנען אַהין, וואוהין עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו דערגיין? אָדער דאָס איז געווען פון גרויס ליבשאַפט צו זיין געראָטענע שוועסטער, אַז זי זאָל ניט טיילן דאָס שווערע לעבן פון אַ יידישן דיכטער? איך נעם זיך איצט ניט אונטער דאָס צו באַשטימען, אָבער אַ פאַקט איז, אַז א. ל. באַראָן האָט באַוויזן צו האַלטן עטלעכע יאָר די יונגע פאַרליבטע פאַנאַנדערגעשיידט און יענע עטלעכע יאָר האָבן גורם געווען די פיינלעכסטע און ביטערסטע לידער ביי משה לייבן.

צו יענעם פּעריאָד געהערט זיין ביטער ליד: „דער גאַסן־פּויקער" און אויך דאָס ליד „אַ תפילה פון אַ לומפּ":

נעם מיין טאַלאַנט און גיב אים אָפּ
אַן אַלטן הונט, צי אַ באַלעבאָס,

וואָס וויל אַביסל כבוד אויך,
די ליבע שכנים צום פּאַרדראָס.
אָ העלף מיר, העלף מיר. גאָט!

אָ העלף מיר, גאָט,
אַז ווען אינמיטן העלן טאָג
פּאַלט אָן אויף מיר אַ גראָבער יונג
זאָל אויף זיין מאָרדע גלייך מיין פויסט
אַ הילך טאָן, ווי אַ גלאָקנקלונג.
אָ העלף מיר, העלף מיר, גאָט!

רויזעלע באַראָן איז נאָך דעמאָלט געווען זייער יונג און דער ברודער א. ל. באַראָן, וואָס איז נאָך דערצו דעמאָלט געווען פאַררעכנט פאַר אַ דיכטער, האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף איר מיט זיינע רייד, אַז משה ליב איז אומפאַראַנטוואָרטלעך און אַז זיין ליבע צו איר איז ווי דער ווינט, וואָס אַט איז ער דאָ און באַלד ווייסט מען נישט וואוהין ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

ח

איצט, נאָך אַכט יאָר פון זיין טויט, ווערט מיר ערשט קלאָר, ווי שלעכט מען האָט אים באַנומען ביי זיין לעבן.

פאַר די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקאָנט, האָט ער זעלטן הנאה געהאַט פון אַ קריטיק איבער אים.

נישט, וואָס מען האָט אים שלעכט באַהאַנדלט. אדרבה, ער האָט געהערט צו די סאַמע געציילטסטע דיכטער פון זיין דור וועגן וועלכע מען האָט שטענדיק געשריבן מיט גרויס אַנערקענונג. נאָר וואָס־זשע דען? אים איז נישט געווען צום הארצן די אויס־טייטשונגען פון זיינע לידער, וואָס האָבן רעפלעקטירט דעם צוגאַנג צו זיין פערזענלעכקייט.

— יעדער איינער באַשאַפט זיך אַן אייגענעם האַלפערן, וואָס איז מיט גאָרנישט ענלעך צו מיר, — האָט ער ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן זיך באַקלאָגט.

— וואָס בין איך פאַר זיי? אַ גאַסנפּויקער, אַ הפקר־יונג, אַ כעסן, אַ בונטאַר גלאַט אין דער וועלט אַריין! — פּלעגט ער זיך קאָכן.

אין יענע יאָרן האָב איך אַליין נישט אינגאַנצן באַנומען זיין קאָכעניש, אָבער איצט נאָך אַכט יאָר פון זיין טויט, ווען איך בלעטער זיינע ביכער און לייען ליד נאָך ליד, הויבט מיר אָן אַזוי קלאָר צו ווערן זיין שטענדיקע אומצופרידנקייט.

אין די יאָרן פון ניינצן פערצן און פופצן, ווען די פּועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי איז געווען אַנגעזען און געקעמפט קעגן דער טעמפּקייט פון אונדזער דעמאָלדיקער יידישע סביבה אין ניו־יאָרק, איז משה לייב האַלפּערן שיעור נישט געוואָרן אַן עכטער פּועל־ציוניסט סיי אין זיין ליד און סיי אין זיין לעבן.

דער וועג פירט פון מצרים ניט,
ניט גאָלד איז דאָס געפּעק.
מיר ברענגען שטאָלצע פּראַסטקייט מיט
און קראַפט, ווי ווייץ אין פולע פּעק.
און הילכנדיק מיט טריט, ווי העק
צעהאַקן מיר די שרעק.

העי וועכטער, העי, די פּראַצע שפּאַנט
דורך שטויב און זונענשיין.
דעם אַלטן טויער וואַרפט פאַנאַנד
און ברעכט די אַלטע מויער איין;
דער וועג אין אייגן לאַנד אַריין
זאָל ברייטער, פרייער זיין.

אַ הונט איז דער, וואָס פאַלט נאָך אַן
אויף אונדזער פאָן אַצינד.
און דער, וואָס ווייַנט און האַסט די פאָן,
דער האַסט זיין ווייב און האַסט זיין קינד.
פאַרדאַמט איז ער צו ליידן בלינד,
צו זיין אַ שטרוי און ווינט.

אַט דאָס זענען פערזן פון זיינס אַ ליד, „מיר פון היינט", וואָס ער האָט אויפגעשריבן אין יענער צייט.

און נישט נאָר געשריבן האָט ער אַט אַזוי, נאָר אויך געלעבט אַט אַזוי.

ער האָט זיך אין יענע יאָרן אָנגעשלאָסן אין דעם זשיט־לאָווסקי צווייג פון דער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי און ממש זיך צעאָטעמט מיט דער באַוועגונג.

איך געדענק, אַז אין יענער צייט האָט ער געוואוינט אין וויליאַמסבורג אויף קיפּ גאַס, אין אַ קליין אָרים צימערל און איך האָב געוואוינט נישט ווייט פון אים אויף דער פערטער גאַס, אויך אין אַן ענלעך צימערל. זייער אָפט פלעגן מיר גיין צופוס פון איסט־בראָדוויי דורכן בריק קיין וויליאַמסבורג און רעדן, רעדן, אַ סך רעדן.

אַט דערמאָנען מיר זיך איצט רייד פון אים וועגן זיין דעמאָלדיקן פּועלי־ציוניזם.

— מיר מוזן געזונט ווערן, גאַנץ ווערן; — האָט ער זיך צעקאָכט און דערנאָך שוין אין אַ רואיקן טאָן:

— אין די אייראָפּעאישע לענדער זענען מיר געצוואונגען געוואָרן הענדלער צו זיין. נישט אונדזער שולד, פאַרשטייט זיך. אָבער דער פאַקט איז פאַרט, אַז מיר זענען געוואָרן אַ פאָלק פון הענדלער און קרעמער. דאָ אין אַמעריקע גייט אַ גרויסער טייל פון אונדז איבער צו אַרבעט. איז דאָס גוט. אָבער דאָ שטייען מיר פאַר דער געפאַר אויפגעלייזט צו ווערן, ווי יידן. דאָס אַרומיקע לעבן צעמאָלט אונדז. איז אַמעריקע גוט פאַר אונדז אויף אַ ווייל. מיר לערנען זיך דאָ אויס אַרבעטן, וואָס וועט אונדז צונוץ קומען אין ארץ־ישראל.

אַט אַזוי האָט ער גערעדט און דערביי צוגעלייגט:

— אונדזער גורל איז פון אייראָפּע דורך אַמעריקע קיין ארץ־ישראל!

אנטקעגן וואָס גיב איך דאָ איבער אַט די רייד, משה לייבס פון יענער צייט?

אַנטקעגן דעם, וואָס נישט קוקנדיק אויף דער שטאַרקער הנאה פון זיינע פערזן האָט מען דאָך אינעם זעלבן צווייג נישט אַרויסגעוויזן צו אים די באַציאונג, ווי מען האָט אַרויסגעוויזן אין דער זעלבער פּאַרטיי צו אַזאַ דיכטער ווי ה. רויזנבלאַט, צום ביישפּיל.

פאַרוואָס ?

דעמאָלט האָב איך דאָס נישט באַנומען. אָבער איצט איז דאָס פאַר מיר קלאָר.

עס איז געווען האַלפּערנס אומגליק אַריינצוקומען ביים סאַמע אָנהייב אין אונדזער דיכטונג אַריין נישט נאָר מיט אַ צאָל הפקר־יונג־לידער, נאָר אויך מיט שפּילן אַליין דעם הפקר־יונג אין לעבן. די הפקר־יונג־לידער האָט מען דווקא אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג. עפּעס האָט מען גאָר הנאה געהאַט, וואָס אונדזער דיכטונג צעוואַקסט זיך קיין עין־הרע אַזוי ברייט, אַז זי פאַרמאָגט שוין אַפילו אויך ביז גאָר טאַלאַנטפולע הפקר־יונגען לידער. עס איז געווען, ווי די אַנגעצויגענע און ערנסט־פאַרכמורעטע געזעל־שאַפטלעכע טוער פון יענער צייט האָבן געפונען אַביסל באַפריי־אונג פון דער איינגענער שווערקייט אין דעם הפקר־טאָן פון משה לייב האַלפּערנס דיכטונג. איז אַנערקענונג פאַר זיין גרויסן טאַלאַנט, דאָס—מהיכי־תיתי, אָבער באַציאונג צו אים—דאָס זעט איר, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. האָט מען זיך טאַקע אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט באַצויגן צו אים, ווי באַלע־באַטישע מחותנים צו אַן אויסערגעוויינלעכן קלעזמער־פידלער אויף אַ חתונה. זיך צוצוהערן צו זיין שפּילן און שטאַרק הנאה האָבן, דאָס אדרבה ואדרבה, אָבער זיצן מיט אים ביי איין טיש און אים באַטראַכטן ווי אַ גלייכן, דאָס נישט.

אַ האַלפּערן האָט אין יענער צייט געשריבן אויסער הפקר־לידער אויך טיף־ערנסטע פּאָעמען ? דאָס איז גאָרנישט ! טיפ־קייט און ערנסטקייט האָט מען געגומען ביי יהואש, ביי רויזנ־בלאַטן און ביי אַנדערע, און ביי האַלפּערנען האָט מען אויפגע־כאַפּט דעם הפקר־טאָן און זיך מיט אים ביז גאָר מחיה געווען.

איז במילא אויסגעקומען אזוי:

—דער קלעזמער שפּילט אַ מחיה, אָבער עסן ביי איין טיש מיטן קלעזמער איז נישט באַלעבאַטיש.

מ. ל. האַלפּערן האָט דאָס געפּילט און ער האָט דערפון שטאַרק געליטן. און עס זענען געווען אָט די לײַדן, וואָס האָבן אויסגעבריט אין זיין טיף־פילנדיק האַרץ ברוינזנדיקן צאָרן, סיי צו די געזעלשאַפטלעכע טוער און סיי צו יענע שריפטשטעלער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן מיט חשיבות און דערפאַר אַרויסגערופן דרך־ארץ צו די אייגענע פּערזענלעכקייטן.

— גייסט, שמייסט! — פּלעגט ער ברומען אויפן חשבון פון געזעלשאַפטלעכע טוער און דערביי זיך קלאָרער מאַכן מיט אַזעלכע ווערטער:

— פרעגט זיי בחרם, וואָס גייסט איז. גיט זיי אַ שטריימל און זיי וועלן פאַלן אויף די פּנימער.

דאָס איז געווען אויפן חשבון פון די טוער און אויפן חשבון פון די שריפטשטעלער, וואָס האָבן אַרויסגערופן חשיבות צו זיך?

— קוקט אים נאָר אָן דעם אָנגעקראָכמאַליעטן!

האָט טאַקע מ. ל. האַלפּערן געהאַט זייער וויניק פריינט אין דעם קרייז פון געזעלשאַפטלעכע טוער און שריפטשטעלער.

באַוואונדערער יאָ, און אָפטמאָל מער, ווי אַנדערע דיכטער. אָבער קיין פריינט און נאָענטע מענטשן אַרום זיך האָט ער נישט געהאַט.

בלויז זייער געציילטע האָבן געקלעפּט צו אים און אים ליב געהאַט, אין די קרייזן פון געזעלשאַפטלעכע טוער און שריפט־שטעלער.

אַפילו אינעם פּעריאָד, ווען ער איז געווען מיט דער לינקער באַוועגונג און געשריבן אין דער „פרייהייט”, האָט ער נישט באַוויזן זיך צו באַשאַפן קיין אינטימע פריינט צווישן די פּאַרטיי־טוער און די לינקע שריפטשטעלער. לייענער יאָ. און אַ סך לייענער. די לייענער האָבן אים באַוואונדערט און זענען אָפטמאָל געווען ממש באַגייסטערט פון אים, אָבער די מערסטע וויכטיקע

טוער האָבן אים נישט צוגעוואָרעמט צו זיך. זיינע לידער האָט מען אויפגענומען און אָפּגעשאַצט זייער ווערט פאַר דער באַוועגונג, אָבער אים אַליין האָט מען געהאַלטן, אויב נישט פון דער ווייטנס, איז אָבער קיינמאָל נישט צו נאָענט.

עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, ווי אין די פריערדיקע פּעריאָדן פון זיין לעבן, — זיין שאַפן יאָ, און ער אַליין נישט.

פאַרוואָס?

א ליאַדע וואָס האָט ער געגעבן א „שמיר איבערן פּיסק!" נישט געווען אין זיין כאַראַקטער זיך קלאָר צו מאַכן פאַר יענעם, וועמען עס האָט אויסגעדאַכט, אַז ער איז אַן עוולה באַגאַנגען. ער האָט פאַרלאַנגט אומקאָנדיציאָנעלן צוטרוי צו זיך, און אַז מען האָט דאָס אים נישט געגעבן, איז ער געוואָרן א צולהכעיסניק.

און אָט די צולהכעיסדיקייט האָט אים זייער א סך געקאָסט אין זיין פּערזענלעך לעבן.

ט

אָט די צולהכעיסדיקייט גייט דורך ווי א רויטער שנור אין זיין כאַראַקטער פאַר די אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקאָנט פון דער נאָענט.

וואָס זענען דען זיינע לידער פון די ערשטע יאָרן אין ניו־יאָרק: „דער גאַסנפּויקער", „א תפילה פון א לומפּ", די לידער וועגן „שיקסלעך"", זיין „לאַדושקא", אָדער זיין „דע־לאַ־העסטער", אויב נישט ריינע צולהכעיסדיקייט דער סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט?

עס איז געווען, ווי ער וואָלט זיך געריצט מיט דער אָרומיקער טעמפּקייט און אָנגעקראָכמאַליעטקייט פון דער סביבה.

— דער בריאזג פון דעם גאַסנפּויקערס דזשימדזשעדיקע טאַצן איז אינטערעסאַנטער פון אייך. די תפילה פונעם לומפּ דערגייט שטאַרקער, ווי אייערע שאַבלאָנע תפילות דערגייען און איר יידישע מיידלעך, וואָס גייט פאַרביי יידישע דיכטער, ווי מען

גייט פארביי טויגעניכטצן און בטלנים, זייט וויסן, אז שיקסלעך זענען ממש א מחיה.

אזוי אינעם ערשטן פעריאד זײַנעם און אזוי אין די שפּע־טערדיקע פעריאָדן.

ווער געדענקט נישט זײַן גלאָריפיקאַציע פון גראָבע רייד אין דער ליטעראַטור אין דעם פעריאָד, ווען ער איז געווען מיט־אַרבעטער אין דער „פרײַהייט".

און די שוואַרצע פאַרבן אין די לידער זײַנע וועגן זײַנעם אַ זיידן, אַ באָבן און עטלעכע פעטערס?

— משה ליב, זענען טאַקע אַט די פון אייער משפּחה געווען אַט אַזעלכע? — האָב איך ביי אים אַמאָל געפרעגט.

— ווייס איך וואָס, — האָט ער געענטפערט און זיך צעלאַכט מיט אַ טראָציקן געלעכטער.

— איז וואָס־זשע? — האָב איך געפרעגט מיט פאַרוואונ־דערונג.

דאָ האָט זיך זײַן פּנים אַ בלאָז געטאָן, ווי אַ שטאַרקער ווינט וואָלט איבער דעם זיך דורכגעיאָגט:

— די משפּחהניו! — האָט ער זיך צערומט און גלייך צוגעלייגט:

— אַלע ביי אונדז האָבן ליב זיך צו באַווייזן מיט די „שיינ־קייטן" פון זייערע משפּחות, מיט די איידעלע זיידעס און באָבעס! אַט האָט איר ווידער דעם צולהכעיסניק!

באשר אַלע האָבן אַ טבע זיך צו יחוסן מיט די שיינע זיידעס און באָבעס, וואָס זיי האָבן יאָ געהאַט, צי נישט געהאַט, איז נאַט אייך מיינעם אַ זיידן, אַ באָבן, און פעטערס, וואָס זענען אויסוואורפן און טוט מיך עפּעס דערפאַר!

אַט דעם שטריך אין זיך האָט משה ליב האַלפּערן געירשנט פון זײַן טאַטן, וועמען ער האָט אָגב זייער שטאַרק ליב געהאַט.

עס דערמאָנט זיך מיר איצט, אַז וועגן קיינעם פון זײַן משפּחה האָט ער נישט גערעדט אַזוי אָפט און מיט אַזאַ מילדקייט אינעם טאָן, ווי וועגן דעם טאַטן זײַנעם.

אַקוראַט די ווערטער, וואָס ער האָט באַנוצט אין די רייד וועגן זיין טאַטן געדענק איך נישט. אָבער איך געדענק יאָ זייער גוט, אַז יעדעס מאָל, ווען ער האָט גערעדט וועגן אים, איז דער טאַטע זיינער, רב אייזיק דער קרעמער פון זלאָטשעוו אויס־געוואַקסן פאַר מיר אַ משה לייב מיט באָרד און פאות, וואָס שטייט אין אַ קרעמל און אָנשטאָט צו טראַכטן, ווי אַזוי צו לייזן עטלעכע „גראַצער", טראַכט ער נאָר, ווי אַזוי אָפּצוטאָן עפּעס אַ שאַרף שפּיצל דעם טעמפּן פּויער, אָדער די נאַאיווע פּויערטע. אַזוי אינעם קרעמל און אַזוי אין דער קלויז, וואו ער האָט גע־דאַוונט. שטענדיק אָפּגעטיילט פון די אַרומיקע און אַלע האָבן מורא פאַר זיין שאַרפן צונג און האָבן דאָך גרויס אָפּשיי פאַר אים.

— אַ שאַרפער ייד, רב אייזיק, אָבער — פלעגן די זלאָטשאָ־ווער יידן ריידן צווישן זיך, און אָט פּונקט אַזוי אין די ניו־יאָרקער ליטעראַרישע קריין וועגן דעם זון.

— אַ גרויסער פּאָעט, אָבער . . .

דער „אָבער" איז שטענדיק געווען וועגן די שאַרפקייטן אין זיין שרייבן און נאָכמער וועגן זיין שאַרפער צונג אין זיין פּער־זענלעכער באַציאונג מיט מענטשן.

פאַר דעם לעצטן איז אים געווען שווערער מוחל צו זיין, ווי פאַר דעם ערשטן, וואָרים אויב די אירריטאַציע פון זיין שטעכיקייט איז אין זיין שרייבן געווען איבערגעדעקט פון זיין מעכטיקן טאַלאַנט, וואָס מען האָט נישט געקאָנט איגנאָרירן, איז זיין שטעכ־יקייט אין זיין פּערזענלעכן פאַרקער מיט מענטשן געווען בלויז שטעכיקייט און נישט מער.

ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר משה לייבן איז געווען אָט דאָס, וואָס אַמשאַרפסטן איז ער געווען גראָדע צו די צו וועלכע ער האָט געדאַרפט אָנקומען.

נאָך ביים סאַמע אָנהייב זיינעם אין זלאָטשעוו, ווען ער האָט אָפּגעשיקט זיין ערשט ליד אין דער רעדאַקציע פונעם „לעמבערגער טאַגעבלאַט" און געקראָגן נישט קיין געהעריקן ענטפער, האָט



ז. וויינפער — מ. ל. האַלפּערן. פאָטאָגראַפיע — וו. קעסנער. ניו־יאָרק, 1931.

ער גלייך געגעבן דעם רעדאַקטאָר אַזאַ חלק, אַז יענער האָט דאָס לאַנגע יאָרן נישט פאַרגעסן. ווען האַלפּערן איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איז דער רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט" געווען מאָריס ווינטשעווסקי. פאַר אַ יונגען דיכטער איז געווען אַ דערגרייכונג זיך צו דרוקן אין דער „צוקונפט". ערשטנס, אַ זייער חשובער זשורנאַל, און צווייטנס, האָט מען געקראָגן באַצאָלט אויך. אָבער משה לייב ווערט דערפון נישט נתפּעל. ווען מאָריס ווינטשעווסקי וועלכער האָט דוקא שטאַרק געהאַלטן פון דעם יונגן האַלפּערנס טאַלאַנט און האָט גערן געדרוקט זיינע לידער, פּרובירט איינמאָל אויסזעצן קעגן דעם טאָן פון עפּעס אַ ליד זיינס, קריגט דער אַלטער פונעם יונגענטשן אַזאַ מין זאָג:

— וואָס ווייסט איר, וואָס אמתע פּאָעזיע איז אַזוינס?

אין ניו־יאָרק האָט אין יענע יאָרן געשריבן ליטעראַטור־קריטיק אַ דר. רויזנבלאַט אונטער דעם נאָמען „בן־יקיר". קיינער פון די שרייבער האָט נישט געהאַלטן פון בן־יקירס קריטיקן, אָבער זיך איינרייסן מיט אים האָט קיינער נישט געוואַגט, וואָרים אָט דער דר. רויזנבלאַט האָט געהאַט אָנזען אין די דעמאָלדיקע סאָציאַליסטישע קרייזן און זיינע קריטיקעס האָט מען אָנגענומען פאַר תורת־משה מסיני. נו, איז געקומען דער יונגער משה לייב און דער ערשטער אַ טרייסל געטאָן בן־יקירן אַזוי, אַז עס איז באַלד געוואָרן אויס בן־יקיר.

„נעכטן האָב איך געזען אַן אָקס אין אַן אַקער,
האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם קריטיקער בן־יקיר".

אָט אַזוי האָט דער אָנפאַנגער פּאָעט מ. ל. האַלפּערן אָנגע־הויבן זיינס אַ סאַטיריש ליד אינעם „קונדס", וואו ער האָט דעמאָלט געשריבן יעדע וואָך.

שפּעטער, ווען אברהם ליעסין איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט" און געדרוקט האַלפּערנס לידער דוקא זייער אָפט, איז אויך קיין פריינטשאַפט צווישן זיי ביידע נישט געווען.

נו, אינעם קרייז פון די „יונגע" אין וועלכן ער האָט פאַר־נומען אַזאַ אָנגעזעענעם אָרט, איז דען געווען אַנדערש?

מיטגעאַרבעט אין אַלע וויכטיקע אויסגאַבן פון די „יונגע", אָבער צו קיין אינטימע פריינטשאַפט צווישן אים און די איבעריקע אַפּאָסטאָלן פון דער גרופּע איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען.

יענע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אויך אינעם פּערזענלעכן לעבן, אָבער ער איז געווען אַליין.

שפּעטער, ווען ער האָט געדרוקט וועכנטלעך זײַנע שטורעם־דיקסטע לידער אין דער „פרײַהייט", איז אויך צו קיין אינטימער פרײַנטשאַפט נישט דערגאַנגען צווישן אים און די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער לינקער באַוועגונג.

מ. אָלגין איז געווען געוואַלדיק באַגײַסטערט פון משה לייב האַלפּערנס לידער, אָבער מיט אים אַליין האָט ער זיך נישט איבעריק געחברט.

— אַ שווערער מענטש, משה לייב, — פלעגט מ. אָלגין נישט איינמאָל באַמערקן.

ו

אָבער איז טאַקע מ. ל. האַלפּערן געווען אַזאַ שווערער מענטש ווי מען האָט אים געהאַלטן?

עס איז אינטערעסאַנט ביז גאָר אָט דאָס, וואָס כמעט אַלע, וואָס זענען געווען באמת נאָענט צו אים, האָבן גאָר אַן אַנדער איינדרוק.

רעדט איר מיט יאָסל דראָסט פון קליוולאַנד, וואַקסט אַרויס משה לייב אַזאַ צאַרטער און אַזאַ שטיפערישער:

— מײַנע קינדער קאָנען אים דאָך ביז היינט נישט פאַרגעסן, — דערציילט ער אײַך און ער גיט אײַך איבער די פרייד, וואָס זײַנע, איצט שוין דערוואַקסענע קינדער, האָבן געהאַט יעדעס מאָל, ווען משה לייב איז צוגאַסט געווען.

און אַזוי אויך פּינטשע בערמאַן פון לאָס־אַנגעלעס, חיים שאַפּירא פון באָסטאָן, נתן קאַן פון דעטראָיט.

— אַ ייִדישער פּאָעט, משה לייבס אַ חבר, — שטעלט מיך

פּאַר פּינטשע בערמאַן אין לאָס־אַנגעלעס ביי זיך אין שטוב פּאַר זיינעם אַ זונדל, און דעם זונדלס פּנים צעשיינט זיך:

— אָ, משה לייב!

דאָס אייגענע מיט די קינדער פון יאָסל דראָסט אין קליוור־לאַנד און פון חיים שאַפּיראָ אין באָסטאָן, ביי וועלכע די פּאַר־ערונג צו משה לייבן וועמען זיי געדענקען זייער גוט, דריקט זיך איצט אויס אין אַ ליבער, יונגנטלעכער פריינטשאַפט צו האַלפּערנס זונדל איציקן, וועלכן מען רופט נישט איינמאָל ארויס אין געסט צו זיך.

האַלפּערנס אומפריינטלעכקייט!

עס איז באמת זייער מאָדנע, ווי מענטשן זעען און מיינען, אַז זיי האָבן דערזען איינגאַנצן, בשעת געזען האָבן זיי טאַקע, אָבער נישט מער, ווי איין זייט און אפשר נישט מער ווי איין ווינקל.

אָ, וויפיל מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זען משה לייבן אַן אויפגעציטערטן פאַר די יסורים פון זיינעם אַ נאָענטן מענטשן.

איך בין אמאָל אריינגעקומען אין דעם קאַפע „ראָיאַל" און אים דערזען אַ דערשלאָגענעם. וויסנדיק, אַז ער האָט אַ סך סיבות צו זיין דערשלאָגן, האָב איך זיך צוגעזעצט לעבן אים און אויף אַ פּאַרזיכטיקן אופן געפּרובירט אויסגעפינען וואָס אים דריקט. ערשט, עס זענען נישט קיין אייגענע צרות, נאָר זאָרג וועגן זיינעם אַ פריינט, שמואל ראָזנפעלד, וואָס האַלט ביים פאַרלאָזן אַ ניו־יאָרקער שפּיטאָל און וועט אַ לענגערע צייט נישט זיין ביכולת אפילו צו זוכן קיין ארבעט.

— איר קאָנט דאָך אים! אַ וואוילער מענטש, — האָט ער מיט גרויס זאָרג גערעדט וועגן אים, און שפּעטער נאָכאַמאָל:

— הערט, וויינפּער, מען דאַרף עפּעס טאָן פאַר אים.

דעם אמת געזאָגט בין איך אַ רגע אביסל בייז געוואָרן און שיעור, שיעור נישט אָנגעשריגן אויף אים:

— נו, און זיך האָט איר שוין פאַרזאָרגט! — האָב איך שיעור זיך נישט צעשריגן.

אָבער בלויז אַ רגע האָט דאָס געדויערט, וואָרים באַלד האָב איך אים דערזען אַזאַ צעלויכטענעם אין זײַנע זאָרג פֿאַר עמיצן אַנדערש, אַז איך אַליין האָב זיך אויך צעהעלט לעבן אים.

אָט די וואַרעמע מענטשלעכע צעהעלטקייט איז אויך געקומען בײַ אים צום אויסדרוק דורך אַ גאַנצע צאָל פּרעכטיקע לידער. אָבער צו שטאַרק זענען צעפּויקט געוואָרן זײַנע הפקר־יונג־לידער און מען האָט די אַנדערע כמעט נישט דערזען, און נישט דער־זעענדיק די אַנדערע לידער זײַנע, האָט מען ממילא נישט דערזען אויך דעם אַנדערן משה לייב האַלפּערן.

איז דאָס דאָך אַ פֿאַקט, אַז אין דעם זעלבן פּעריאָד, ווען ער האָט אויפגעשריבן זײַן ליד „אַ תפילה פֿון אַ לומפּ", האָט ער אויך אויפגעשריבן זײַן ליד „דײַן לעבן".

„גיי אַרום בײַטאָג און חלום, אַז דו האָסט בײַם ים אַ ווילע,
און דײַן פֿרוי קאָן פּיאַנע שפּילן און זי ליידט פֿון דיר אַ שטילע;
מאָל זיך אויס אַ קינד, דײַן אייגנס, וואָס האָט הענטלעך
קליינע, גלאַטע,
און עס גלעט דײַן באָרד און פּנים און עס קאָן שוין זאָגן טאַטע.
גיי אין שענק אַרײַן און עס דאָרט פֿאַרשפּײַז, זופּ און
פֿלייש און צימעס.
הער אַ לויב אויף זיך און פֿרײַ זיך, כאָטש דו ביסט
אַליין זיך נמאס.
גיי אַוועק צו טענץ בורלעסקע, קוק אויף ליפּן רויט
פֿאַרשמירטע
און אויף הענגנדיקע בוזעמס טויזנט מאָל וואולגאָר באַרירטע.
טרינק זיך אָן, אַז גאַז און לאָמפּן זאָלן אַרום דיר זיך הוידען,
ווינק צו זיך אַ גאַסנמיידל וועגן פּרייז זיך דורכצוסודן.
ווײַן אַרויף צו דער לבנה, לייען שילדן, קוק אויף הײַזער,
און אַזוי־אָ דריי זיך נאַריש, ווי אַ זייגער אָן אַ ווײַזער."

וויפֿיל שטילע, טיפֿע בענקשאַפֿט איז פֿאַראַן אין אָט די שורות צום פּשוטן געזונטן לעבן, וואָס דער בעל־תפילה פֿונעם

לומפּ האָט אויפגעשריבן. אָבער אויפגעכאַפּט האָט מען די „תפילה פונעם לומפּ" ווי אַן אבן־טוב און דאָס אַנדערע פון אים האָט מען נישט געזען. פּונקט ווי מען האָט אויפגעכאַפּט ביי אים אַלע בראַוואַדאָ־לידער וועגן הפקרות און צעלאָזנקייט, און נישט באַמערקט זיינע לידער וועגן זיין טיפער בענקשאַפט נאָך מענטש־לעכער ריינקייט.

— משה לייב, אונדזער תכשיט, — האָט מען ליב געהאַט זיך אויסצודריקן וועגן אים, און זייער זעלטן באַמערקט די שטילע, לויטערקייט וואָס איז אויפגעגאַנגען פון אָט דעם תכשיטס געמיט:

„מיין לעבן איז אַ ווילדער, וויסטער קריג,
און ווי די שיינקייט פון אַ פרילינגס־אָוונט
קומט דיין שטילקייט איבער מיר."

אָט אַזוי האָט דער „תכשיט" משה לייב געשריבן צו רויזעלע באַראָן לאַנג, לאַנג איידער זי איז זיין פרוי געוואָרן.

„און רואיק ווערט מיין האַרץ,
און גוט אַזוי —
אַז עס ווילט זיך אויסשטרעקן די הענט,
אַרומנעמען די גאַנצע וועלט,
און וויינענדיק דערציילן דיר
פון יענעם טיפן, טיפן וויי,
וואָס האָט ביז איצט מיין האַרץ געקוועלט,
דאָס ווילדע האַרץ,
וואָס האָט נאָך דיר געבענקט.
ווי שיין דו ביסט.
וואָס מער דו וועסט פאַרוואונדן מיר דאָס האַרץ
אַלץ ריינער וועט מיין ליבע זיין צו דיר,
אַלץ הייליקער און ריינער וועט מיין ליבע זיין
צו דיר.
צו דיר."

אַט אַזוי האָט משה לייב געבענקט נאָך שטילער, צנועת־דיקער ליבשאַפט אין דער זעלבער צייט, ווען ער האָט גאַסנפּויקעריש געדזשינדזשעט אין די טאַצן און תּפילה געטאָן, אַז מען זאָל צונעמען זיין טאַלאַנט און אים אָפּגעבן צו אַ הונט, אָדער צו אַ באַלעבאָס, וואָס האָט ליב אַביסל כּבוד.

פון איין זייט בענקשאַפט נאָך פּשוטן, געזונטן לעבן, און ווייל אַזוינס איז נישט געווען, איז געקומען פון דער צווייטער זייט דער אויסברוך פון הפקר־טאָן, כּדי די אָרומיקייט זאָל זען און הערן און צעזעצט ווערן.

יא

האָט די אַרומיקייט געזען און געהערט און איז נישט נאָר נישט צעזעצט געוואָרן אין יענער צייט פון משה לייבס הפקר־טאָן אין דער נייער יידישער דיכטונג, נאָר אדרבה, גאָר גרויס הנאה געהאַט.

— משה לייב, אונדזער תּכשיט, — האָט מען זיך פּאַסמאַ־קעוועט און מען האָט גאָר נישט געוואוסט, אַז מיט אָט דעם פּאַסמאַקעווען זיך ברענגט מען צום אויסדרוק די אייגענע הפקרות, וואָס האָט גורם געווען דעם דיכטערס הפקר־יונג־לידער.

דער דיכטער אַליין האָט דאָס שוין גאָר גוט געוואוסט און נאָך מער פיינט געקראָגן די סביבה. אָבער אַוועקגיין פון איר, איז נישט געווען וואוהין. דאָס לעבן איז געגאַנגען פון דעם אָרימען צימערל אין דעם מילכיקן, ביליקן רעסטאָראַנטל אויף איסט־בראָדוויי און אויף צוריקוועגס. די עלטערע שריפטשטעלער זענען אַליין געווען עלנטע מענטשן און די דעמאָלדיקע פירער פון דער פּרעסע און דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש און קיין ליבע צו דעם וואַקסנדיקן יידישן קינסטלערישן וואָרט. אַ יאָ, עס איז געווען די גרופּע „יונגע" צו וועלכער ער האָט געהערט, — אַ גרופּע מיט אַ סך טאַלאַנט, וואָס האָט זיך אונטער דעם דרוק פון דער אָרומיקער גלייכגיל־טיקייט פאַרגראָבן אין זיך, אָבער בשעת די מערסטע פון דער

גרופּע האָבן זייער גיך שלום געמאַכט מיט דעם ווינקל, וואָס מען האָט פאַר זיך געשאַפן, האָט ער זיך געפילט אינעם ווינקל, ווי אַ יונגער לייב אין אַ שטייג.

נישט אומזיסט האָט ער אין זיין „תפילה פון אַ לומפּ" געבעטן, אַז מען זאָל צונעמען זיין טאַלאַנט און אים וואַרפן פאַר די הינט. עס איז אים געווען שווער צו טראָגן אָט דעם גרויסן דיכטערישן טאַלאַנט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און אין דער זעלבער צייט וואַשן געפעס אין אַ רעסטאָראַן. די איבעריקע חברים זיינע האָבן געטראָגן זייערע לעבנס גרינגער פון אים. ראובן אייזלאַנד האָט געשניטן פלייש מיט זיינע בלייכע פינגער, וואָס האָבן אין די אָוונטן געשריבן דינע לירישע לידער און טעאָרעטישע אַר־טיקלען וועגן פּאָעזיע, אַזוי זישא לאַנדוי, וואָס איז געווען אַ הויז־מאָלער און אַזוי מאַני לייב, וואָס איז געווען אַ שוך־אַרבעטער. אויך זיי האָבן זיך געפילט קאַלט און אומהיימלעך, אָבער זיי האָבן באַוויזן פאַר זיך צו באַשאַפן אַ צודעק פון רעזיגנאַציע און צו־זאַמען זיך געוואַרעמט אונטער אים.

משה לייב האַלפּערן האָט דאָס נישט געקאָנט. צו ברוגזנדיק געווען זיך אונטערצוגעבן צו דער פילאָזאָפיע פון רעזיגנאַציע. האָט ער זיך כסדר געבונטעוועט און געריסן שטיקער פון זיך.

אין יענער צייט איז ער געווען אַ יונג אַ לייביקער, מיט אַ פּנים, וואָס האָט געשטורעמט פון זיך, ווי עס האָבן געשטורעמט די שורות פון זיינע לידער.

ער האָט געהאַט אַ פּאָר גרויסע, גרויע אויגן, וואָס זענען דורך די גלעזער פון זיינע ברילן נאָך גרעסער און נאָך גרויער געווען. אַז עמיצער האָט זיי צום ערשטן מאָל דערזען, איז ער פון זיי געפאַנגען געוואָרן. דאָס זענען געווען אויגן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געקוקט גלאַט אַזוי, נאָר שטענדיק האָבן זיי עפּעס געזען, און שטענדיק אויף דעם געזעענעם רעאַגירט מיט געוואַל־דיקן אויסדרוק.

אָט דערמאָנט זיך מיר אַ פולער טאָג מיט אים ביי אַן ארבעט אין וועלכן איך האָב געזען זיינע אויגן זיך בייטן פון מוראדיקער

רציחה צו קלוגער איראָניע, און שפּעטער זענען זײ איבערגעגאַנגען אין מילדקײט פון אַ פריליגגדיקן הימל אינעם אַריענט.

עס איז געווען אַ הײסער זומערטאָג פון דעם יאָר נײַנצן זעכצן.

עס האָט זיך געדרוקט דאָס זאַמלביכל „איסט־בראָדוויי" אין דר. פאָרנבערגס דרוקערײ, וואָס איז געווען אין נוארק. משה לײב וואָס האָט רעדאַקטירט דאָס זאַמלביכל צוזאַמען מיט מנחם באָריישאָן, איז אַרויסגעפאָרן אַהין.

— קומט מיט, — האָט ער מיך אײַנגעלאַדן.

איך האָב זיך דערפרײט מיט דער אײַנלאַדונג, וואָרים עס איז געווען דער זאַמלבוך, וואו איך האָב אָפּגעדרוקט מײַן ערשטע ווינטיקע סעריע לידער. אָבער אין דער באַן, וואָס איז געלאָפן אַ היפּשע צײַט דורכן טונעל האָב איך זיך דערפילט זײער שווער פון דער שווערקײט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אים. דעם גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן און פון זײַנע אויגן האָבן זיך געצויגן דיקע כמאַרעס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אויף שטאַרקע דונערן און בליצן און פליוכעס מיט רעגן. ווען מיר זענען אַרויס פון דער באַן און זיך געלאָזט גײן דורך די אָנגעגליטע געסלעך, האָט דער שטורעם אין אים אויסגעבראָכן.

— אַ כאָלעריע זאָל טרעפן אונדזער וויסט לעבן, — האָט ער זיך צעברומט.

— שרײַבן אַלײן איז נישט גענוג! מען דאַרף נאָך לײענען קאָרעקטור און זיך שלעפּן אין שטיקנדיקע באַנען צום שוואַרצן יאָר!

אין דער דרוקערײ גופא איז נאָך געוואָרן ערגער. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט דעם קלאַפּערײ פון די מאַשינען און קאָרעקטור האָט מען געדאַרפט לײענען אויף אַ זײף־קעסטל.

— אַזוי פיל גרײַזן! — הערט ער נישט אויף צו ברומען און איך הער ממש, ווי די צײַן זײַנע קריצן.

— פון „הימל" מאַכן זײ דיר „פּיפּערנאָטער" און פון „האַ־ריזאָנט" ווערט בײַ זײ אַ „ים־קאָטער!"

אין דעם מאָמענט איז פּלוצלינג צוגעקומען דר. פאַרנבערג, — אַ קליין־געוויקסיקער, קיילעכדיקער, מיט דיקע ברילן איבער די אויגן.

— און וואָס איז מיטן באַלאַנס? — האָט דר. פאַרנבערג זיך געווענדט צו משה לייבן.

דאָס איז שוין, זעט אויס, געווען מער ווי משה לייב האָט געקאָנט איבערטראָגן.

ער האָט זיך אַ הייב געטאָן, אַ וואָרף געטאָן די קאָרעקטורן און זיך צעדונערט אויף דר. פאַרנבערגן.

— איר אויך? איר, אַ יידישער שרייבער, אויך? מיר ברענגען אייך אונדזער בלוט און איר רעדט פון קופּערנע מטבעות!

דר. פאַרנבערג האָט זיך אויף אַן אמת איבערגעשראָקן. ער האָט געוואָרפן אַ צעטומלטדיקן בליק אָט אויף משה לייבן און אָט אויף מיר און אַ מאַך טוענדיק מיט זיין פּוכקער האַנט אין דער לופט אַריין, האָט ער זיך געטאָן אַ וויג אַוועק פון צווישן די צוויי זייף־קעסטלעך אויף וועלכע מיר האָבן געאַרבעט.

מיר איז די סצענע געווען זייער קאָמיש און איך האָב זיך הילכיק צעלאַכט.

— אַ געלעכטער אויף אים, — האָט משה לייב געזאָגט און אויפהויבנדיק צוריק די קאָרעקטור, האָט ער זיך גענומען צו מיר.

מיט דעם בלייפעדער איבער די שורות און די אויגן אָט צום פּאַפּיר און אָט צו מיר, האָט ער אַ לאַנגע צייט גערעדט אויף מיין חשבון.

— אַ גדולה האָט אייך געטראָפן און עס לאַכט זיך אייך. אויפגעשריבן עטלעכע גוטע לידער און מיט זיי זיך אומגליקלעך געמאַכט. עס וועט שוין קיין לייט פון אייך ניט זיין. איר זענט שוין פאַרמשפּט צו זיין אַ פּאָעט ביי יידן. אַ פּאָעט ביי יידן!

אינעם טאָן ביי אָט די רייד איז שוין נישט געווען קיין רציחה. עס איז געווען אַ טאָן געמישט פון רחמנות און ליבשאַפט און פון די אויגן זיינע האָט געקוקט אויף מיר אַזאַ קלוגע איראָניע.

ווען מיר האָבן פאַרלאָזט די דרוקעריי איז אונדז אַנטקעגן

געקומען אַ ווײכער און רואיקער פּאַרנאַכט, וואָס האָט געגלעט אונדזערע אָנגעגליטע פּנימער, ווי מיט קילע, צאַרטע מאַמע־פינגער און זײנע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו ווערן מילד.

און אַז מיר האָבן געשפּאַנט איבער דער ברייטער גאַס, וואו עס זענען אונדז אַנטקעגן געקומען עטלעכע שיינע פרויען־פּנימער, האָבן זײנע אויגן זיך גאָר צעלויכטן.

— אַזויפיל שײנקייט איז דאָ אינעם לעבן, — האָט ער שטיל גערעדט מער צו זיך ווי צו מיר.

אויף אײנעם פון די ראָגן איז געשטאַנען אַ יונג, שײן מײדל און זײער אומרואיק געוואַרט אויף אַ טראַמוואַי. האָט ער אויפגעכאַפּט איר אומרו און מיך אויפמערקזאַם געמאַכט:

— זעט, ווײנפּער, זעט.

פּלוצלינג האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו איר מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דאָס מײדל האָט געמאַכט אַ טראָט אַוועק פון אים, אָבער ווען ער האָט אַ הײב געטאָן די הוט פאַר איר, האָט זי אויפגעעפנט אויף אים אַ פּאָר נײגעריקע בליקן.

— קינד, — האָט האַלפּערן אָנגעהויבן, און ציענדיק נאָכאַמאָל פאַר איר דעם הוט, האָט ער צוגעלײגט:

— זײ נישט אומרואיק. דײן בחור וועט וואַרטן אויף דיר, וואָרים אויף אַזאַ ווי דו ביסט וואַרט איך שוין אַ לאַנגע צײט.

דאָס מײדל האָט זיך חנעוודיק צעלאַכט און אים נאָכגעקוקט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק צו מיר.

דאָס מײדל האָט זיכער נישט געאַנט, אַז די אויפגעלויכטענע מילדקייט אין אים איז געווען צו רויזעלע באַראָן אויף וועלכער ער האָט אין יענער צײט געדולדיק געוואַרט.

שפּעטער, ווען מיר זענען געזעסן אין אַ רעסטאָראַן און געגעסן, האָט ער באַמערקט:

— איר האָט באַמערקט, ווי אומרואיק אירע דינע פיס זענען געווען. פיס, ווי בײ אַ יונגע הירשין. איך קאָן נאָך אַ מײדל, וואָס האָט אַזעלכע פיס, — האָט ער געזאָגט, און זײנע אויגן זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַזויפיל מילדער גוטסקײט.

אַט די מילדע גוטסקייט האָט אים שוין נישט פאַרלאָזן אויך ווען מיר זענען געזעסן אין דער באַן, וואָס איז געלאָפן דורכן טונעל אויף צוריקוועגס קיין ניו־יאָרק.

— אייערע לידער איבעם זאַמלבוך זענען זייער, זייער פיינע,

— האָט ער פון דער הוילער הויט פּלוצלינג זיך געווענדט צו מיר.

— זייער פיינע, און פּאַסט צו זיין איז אַ פּריווילעגיע. איר הערט, וויינפּער, וואָס איך זאָג אייך, אַ פּריווילעגיע, אַ גרויסער חסד.

## יב

היינט האָב איך געבלעטערט זיינס אַ בוך און די אויגן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויף אָט די שורות:

„די מאַמע וועט דיך גאָרנישט טאָן,
עס איז נישטאָ קיין זינד!
דער אַלטער גלח נאַרט דיך אָפּ —
דער בושל ברענגט אַ קינד.

און כאָטש זי האָט געראַנגלט זיך,
געוויינט און זיך געשעמט —
האָט דאָך איר האַרץ ווי פייער שיעור
געשרפעט דורכן העמד."

זענען טאַקע אין דער ווירקלעכקייט געווען אין זיין לעבן יענע בראָדווייער אָדער קוני־אײַלאַנדער „שפּיל־פייגעלעך", וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק דורך זיינע וואויל־יונגערישע לידער?

איך ווייס בלויז פון אַ צאָל זייער וואוילע יידישע מיידלעך, וואָס האָבן אים זייער אויפריכטיק און זייער שיין ליב געהאַט.

משה לייב האַלפּערן האָט פאַרמאָגט אַ סך מענלעכן כשוף. אַפילו אין זיינע לעצטע יאָרן, ווען זיין קאָפּ איז אים ווייס געוואָרן און זיין פּנים פיל אָפּגעצערטער, האָט געשלאָגן פון אים מיט שטאַרקער מענלעכקייט.

האָבן ייִדישע מיידלעך אים באַוואונדערט און זיך געצויגן צו אים. אָבער דאָס מיידל פון אַלע מיידלעך איז געווען רויזעלע באַראָן. נאָר, וואָס־זשע דען? אַז דער וועג צו רויזעלען איז געווען פאַרשטעלט, האָט ער געזוכט זיך צו פאַרשרייען מיט אַנדערע, אָבער פאַרשריגן האָט ער זיך נישט סיוויי.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן, הייסן שבת נאָכמיטיק ווענדט ער זיך צו מיר:

— וואָס טוט איר מאָרגן?

— וואָס איז? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— כאַפּט זיך אַריין צו מיר מאָרגן נאָכמיטיק וועלן מיר גיין צוזאַמען אין צענטראַל פּאַרק.

זיך צוזאַמענטרעפן אין די זומערדיקע זונטיקס אין צענטראַל פּאַרק איז געווען אין יענע יאָרן פאַר די יונגע ייִדישע שריפט־שטעלער אַ געוואוינהייט. קיין געלט אויף אַרויסצופאָרן אויף אַ זומער־וואוינונג, אָדער אַפילו קיין קוני־אײַלאַנד האָט קיינער נישט געהאַט. איז מען זיך צונויפגעקומען אין צענטראַל פּאַרק אַרום דער בעטהאָווען סטאַטוע. דאָרטן האָט מען געהערט אומזיסט אַ סימפאָנישן קאָנצערט. דאָרטן האָט מען נאָכן קאָנצערט דעבאַ־טירט ווענגן קונסט. פון דאָרטן איז זיך דאָס יונגוואַרג אין אָוונט צעגאַנגען איבער די שאָטנדיקע אַלייען, — ווער מיט אַ מיידל, און ווער מיט זיין אומעט.

איז פאַר מיר געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס משה לייב האָט מיך געבעטן אים צו באַגעגענען. מאָדנע איז מיר נאָר אויסגע־קומען אָט דאָס, וואָס ער בעט זיך ביי מיר זייער שטאַרק, אַז איך זאָל אים למען השם נישט אַנטוישן.

אויף מאָרגן, ווען איך בין צוגעקומען צום הויז, וואו ער האָט געוואוינט, איז ער שוין געווען אין דרויסן.

— גייען מיר, משה לייב?

— מיר מוזן וואַרטן, — האָט ער געזאָגט אין אַ שווערער שטימונג.

— אויף וועמען ?

— עס דאַרף צוקומען אַ באַקאַנטע.

— אַ מיידל ?

— ני יאָ, ווער דען ? — האָט ער געענטפערט איריטירט.

מיר איז דער ענין געוואָרן אַביסל פאַרדעכטיקט, און איך האָב געפרעגט:

— אַז איר האָט אַ מיידל מיט זיך, איז וואָס־זשע דאַרפט איר מיך אַרום זיך ?

דעמאָלט האָט זיין פּנים זיך אָנגעבלאָזן און ער האָט זיך ממש צעקרעכצט:

— זיי קומען צוגיין צו דיין שוועל, ווי שטילע וואָרקענדיקע טויבן און בעטן רחמים און דו, וואָס דו ביסט אַליין אַ געשלאָגענער הונט, ביסט זיי מכבד מיט קאַרטאָפליע־שאָלעכץ אָנשטאָט מיט לעקאַך און ניסלעך.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט פאַרכמורעטע אויגן און דריבנע אַ לאַך געטאָן:

— איר זענט נאָך גאָר אַ יינגל. איר ווייסט נאָך נישט פון קיין שווערקייט. איר צעקייט אַ שטיקל פעניץ און פילט דעם טעם פון מאַרציפּאַנעס, אָבער מיר איז שווער, אַז דער רוח זאָל עס נעמען !

שפּעטער, ווען דאָס מיידל, — אַ יונגס, אַ טונקל־הויטיקס, מיט אַ פּאָר שוואַרצע, פייערדיקע אויגן איז געקומען צוגיין און מיר האָבן זיך צוזאַמען געלאָזט אין וועג אַריין, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַפרייען פונעם געפיל, אַז זי קוקט אויף מיר, ווי אויף אַ צוטשעפּעניש. יעדעס מאָל, ווען זי איז געבליבן אַ פאַרטראַכטע, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס טראַכט זי ווי אַזוי מען ווערט פון מיר פּטור. איך האָב געהאַט דעם טיפסטן מיט־געפיל צו אָט דאָס מיידל, אָבער גיי לאָז איבער משה לייבן, אַז אים איז אַזוי שווער צו זיין מיט איר אַליין.

יג

שווערקייט!

ווען איך בין אריינגעקומען אין דעם יאָר נײַנצן־פופצן אין דעם מילכיקן רעסטאָראַנטל, וואָס איז געווען דער מקום־מקלט פון די „יונגע", איז דאָס וואָרט „שווערקייט" געהאַנגען פון אַלעמענס ליפּן. נאָר בשעת די מערסטע האָבן געטראָגן די שווערקייט, ווי אַ גורל, אַ באַשערטן, אַנטקעגן וועלכן עס איז אוממעגלעך זיך אַנטקעגן צו שטעלן, האָט משה לייב זיך געקאָפּעט מיט די פּיס, און אָפּטמאָל שויבן געבראָכן.

— רעזיגנאַציע איז אַ גרויסע מדרגה, — האָט ראובן אייז־לאַנד מיט אַ פרום־רבניש פּנים געפּליסטערט.

— רעזיגנאַציע! — האָט משה לייב האַלפּערן ממש מיט די ציין געקריצט.

דער קליינגעוויקסיקער קאָליאַ טעפּער, וואָס האָט פּונקט אין יענער צייט אַרויפגעצויגן אויף זיך די פאַרביקע פעדערן פון „הערצאָג ד'אַברוציע" און האָט אונטער אָט דעם נאָמען גע־פּרעדיקט קריסטלעכקייט אין דער נייער יידישער דיכטונג, האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די מערסטע פון די „יונגע", וועלכע האָבן אין זייער עלנטקייט געמוזט האָבן עפּעס ביי וואָס זיך אָנצווואַרעמען. משה לייבן איז אָט די פילאָזאָפיע נישט נאָר נישט געפעלן געוואָרן, נאָר זי האָט אים אַזוי שטאַרק אויפ־געברויזט, אַז ער האָט איינמאָל פשוט אויסגעפּאַטשט דעם הער־צאָג ד'אַברוציע.

עס איז געווען אַ ווינטער־אָוונט פון נײַנצן זעכצן. קאָליאַ טעפּער האָט געהאַלטן אַ לעקציע וועגן רייזענען אין דער ביבליאָ־טעק פון איסט־בראָדוויי. אַ צאָל פון די יינגערע שריפטשטעלער זענען אים געקומען הערן. אַ גלענצנדער רעדנער געווען אָט דער קאָליאַ טעפּער. האָט מען הנאה געהאַט פון זיין שיין רעדן און שפּעטער, אינעם קאַפעהויז, דעבאַטירט וועגן די אויספירן, וואָס ער האָט געמאַכט.

— נאָכגיביקייט, רעזיגנאַציע, לאָזן זיך פירן פונעם גורל,

דעם באַשערטן, — האָט מען איבערגעזאָגט זיינע ווערטער און זיך ממש צעגאַנגען פון באַגייסטערונג.

מ. ל. האַלפּערן, וואָס איז געזעסן אין דער מסיבה האָט געברענט, ווי אַ פייער. ער האָט דוקא אַ לענגערע צייט געשוויגן, אָבער זיין פּנים האָט אויסגעדריקט געוואַלדיקן צאָרן. ערשט ווען טעפּער אַליין איז צוגעקומען צום טיש, האָט משה לייב געעפנט דאָס מויל און אַ וואָרט פּאַר אַ וואָרט, ביז עס איז געקומען דערצו, אַז ער האָט אָפּגעפּייערט אַ פּאַטש אויף טעפּערס פּנים.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען, אַז דער זעלבער קאַליאַ טעפּער, וואָס האָט אַזוי שיין געפּרעדיקט די קריסטלעכע ליבע, האָט זיך נאָכן פּאַטש אַרויסגעוויזן גאָרנישט קריסטלעך. נישט נאָר האָט ער נישט אָנגעשטעלט די צווייטע באַק, נאָר ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף משה ליבן מיט ציין און נעגל.

— אָט האָט איר זיין קריסט־ליבע, — האָט זיך משה לייב דערנאָך געוויצלט און דערביי צוגעגעבן :

— די זעלבע קריסט־ליבע, וואָס שניידט זיך איצט איבער דעם גאַנצן איראָפּייאישן קאָנטינענט די העלדזער.

די סביבה אין וועלכער די „יונגע” האָבן געלעבט, האָט געקוקט מיט גלייכגילטיקע בליקן אויף דער נייער, וואַקסנדיקער ליטעראַטור. אב. קאַהאַן האָט גערעדט און געשריבן מיט אַ חוזק־טאָן און די פּירערשאַפט פון די אַרבעטער־יוניאָנס האָט נאָכגערעדט קאַהאַנס חוזק אויפן חשבון פון די „יונגע”. מאָרים ראָזענפעלד איז אַרומגעגאַנגען אַ האַלב־בלינדער און אַן עלנטער און געקוקט אויף יעדן יונגן, ווי אויף אַ קאָנקורענט, וואָס רייסט זיך אין אַ היכל, וואָס געהערט נאָר אים אַליין. יהואש האָט געלעבט ערגעצוואו אויף אַן אויבערשטן שטאָק אין די בראָנקס און האָט דוקא געוואָלט זיך חברן מיט דער יוגנט, אָבער די יוגנט האָט נישט אָנערקענט זיין אינטעלעקטואַליזם אין דער פּאָעזיע, און עס איז צו קיין חברשאַפט נישט געקומען. פּינסקי האָט יאָ אויסגעשטרעקט פון צייט צו צייט אַ האַנט, אָבער געפירט



משה לייב — די ערשטע יאָרן אין ניו־יאָרק

האָט זי אין ערגעץ נישט. ליעסין האָט זיך באַנוגנט, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט אָפּגעדרוקט עמיצנס אַ זאַך און באַצאָלט אַ פּאָר דאָלאַר.

דער איינציקער, וואָס האָט אין יענער צייט אַרויסגעוויזן אינטערעס און ליבשאַפט צו דער נייער וואַקסנדיקער ליטעראַטור איז געווען יואל ענטין. ער האָט אָפּטמאָל געשריבן, דערמאָנט און אַפילו געמאָנט, אָבער זיין קול האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אַ טויבער וואַנט, ווייל קיין סביבה איז נישט געווען, וואו אַט דאָס קול זאָל קריגן דעם מינדסטן רעזאָנאַנס. דאָס היינטיקע יידישע קינדער־שול־וועזן, וואָס פּאַרמאָגט אַרום זיך לערער און טוער, וועלכע האָבן אַן אינטערעס פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז נאָך דעמאָלט געווען אין קינדער־וויקעלעך.

עס איז נאָך היינט אויך נישט גוט מיט דעם אינטערעס צו דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, אָבער דעמאָלט איז געווען נאָך פיל ערגער.

איז טאַקע געווען ביז גאָר שווער דער יוגנט. די עלטערע, די פריער־אַריבערגעקומענע, האָבן ווי סע נישט איז זיך אַריינ־געוועבט אין דער פּרעסע, אָבער די יינגערע, די ערשט נישט לאַנג אַריבערגעקומענע האָבן זיך געפילט, ווי זיי וואָלטן געווען הפקר־קינדער. מען האָט געלעבט אויף איסט־בראָדוויי פון ניו־יאָרק און געבענקט אַ היים, וואו עס האָבן געלעבט, אויסער דער גרויסער יידישער מאַסע, אויך די קאָריפייען פון דער יידישער ליטעראַטור.

מען האָט געשריבן דאָ און געבענקט נאָך אַ וואָרט פון פּרץ אין וואַרשע, פון בעל־מחשבותן אין בערלין, פון ניגערן אין ווילנע. אָבער אַזאַ וואָרט איז זעלטן אַריבערגעקומען. די מלחמה, וואָס האָט זיך דאָרטן צעפלאַקערט, האָט דעם וועג פאַרשטעלט.

וואָס־זשע איז דער וואונדער, וואָס די יונגע האָבן זיך געפילט שווער און וואָס איז דער וואונדער, וואָס אין אַט דער שווערקייט האָט מען זיך געראַטעוועט אונטער דעם צעלעכערטן צודעק פון רעזיגנאַציע?

— אַך, ס'אַרא פּאָעט! — האָט מאַני לייב אויסגעשריגן,

װען ער האָט דאָס ערשטע מאָל געלײענט לײװיקס לידער, װאָס זענען דעמאָלט אָפּגעדרוקט געװאָרן אונטערן נאָמען לײװיק האַלפּער.

— יאָ, יאָ, — האָט אײזלאַנד מסכּים געװען און דערבײ צוגעלײגט:

— עס שלאָגט פון יעדער שורה מיט רעזיגנאַציע!

— שױן װידער רעזיגנאַציע? — האָט האַלפּערן זיך גענומען קאָכן אױפן קול.

אָט אַזױ איז דאָס געװען אין יענער צײט מיט די „יונגע", פון װעלכע עס האָבן זיך שפּעטער אַרױסגעשײלט אַ צאָל הײנט־צײטיקע װיכטיקע שרײַפטשטעלער.

שפּעטער איז געװאָרן אַביסל בעסער.

עס האָבן זיך אָנגעהױבן דורכצורײַסן אין סאַמע מיט פון דעם מלחמה־שטורעם אַ צאָל װיכטיקע שרײַפטשטעלער פון יענער זײַט ים צו אונדז. דאָס יידישע שול־װעזן האָט אָנגעהױבן זיך צו פּאַנאַנדערבליען. אין ניו־יאָרק איז געבוירן געװאָרן, װי פון זיך אַלײן אַ באַדײַטנדיקע קולטור־אָרגאַניזאַציע פון יונגע מענטשן און װי אַן אַרױסרוף צו דער אַרומיקער טעמפּקײט, האָבן אָט די יונגע מענטשן זיך אַ נאָמען געגעבן „שנאָרער", און משה לײב האַלפּערן, װאָס האָט זיך געפילט ענג אין דער סביבה פון די „יונגע" מיט זײער רעזיגנאַציע, האָט זיך אױסגעמישט מיט די „שנאָרער" און זיך דערפילט צװישן זײ װי אַ פיש אין װאַסער.

אױך די איבעריקע „יונגע" זענען אַמאָל געקומען, אָבער געקומען זענען זײ בלױז װי געסט, בשעת ער איז געװאָרן אײנער פון זײ, — געלײענט פאַר זײ זײַנע לידער, געהאַלטן לעקציעס, אַנטײל גענומען אין זײערע שמחות און דאָרטן זיך צונױפגעטראָפן מי ייִנגערע פון די „יונגע", װאָס האָבן געשריבן און נישט געהאַט זיך װאו אַהינצוטאָן מיט זײער שרײַבן.

משה לײב האַלפּערן האָט אָט די ייִנגערע, אָדער „ייִנגסטע", װי מען האָט זײ שפּעטער גערופן אינעם קרײַז פון די „יונגע",

אַרומגערינגלט אַרום זיך און אַזוי איז ער געוואָרן שיעור נישט
אַ טאַטע פון אַ נייעם דור.

און עס איז געווען אין יענער צייט, ווען איך האָב זיך מיט
אים פּערזענלעך באַקאַנט.

עס איז געווען אַ ביז־גאָר טשיקאַווע באַקאַנטשאַפט. זי
האָט שיעור נישט געפירט צו אַ קאַטאַסטראָפע אין מיין דעמאָלט־
דיקן יונגן לעבן.

ביז דעמאָלט האָב איך געקאָנט די „יונגע״ בלויז פון זעען זיי
אַמאָל אינעם מילכיקן רעסטאָראַנטל אויף איסט־בראָדוויי, וואוהין
איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אָפּטמאָל אין אַן אָוונט נאָך אַ טאָג
אַרבעט. אָדער ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די „שנאָרער״. איך
געדענק, ווי איך פלעג זיצן שעהנווייז פאַרשטעקט אין אַ ווינקל
ביי אַ טישל פון אָט דעם רעסטאָראַנטל, און זופּנדיק די קאַווע
פונעם טעפּל, האָבן מיינע אויגן נישט אויפגעהערט צו טרינקען
די פּנימער און באַוועגונגען פון מאַני לייב, לאַנדוי, איגנאַטאָוו,
אייזלאַנד, אָפּאַטאָשו, ראָלניק, ראַבאָי, כאַימאָוויטש, נאַדיר,
ב, לאַפּין, יואל סלאָנים, מ. באַסין, דער לעבעדיקער, י. י. שוואַרץ,
א. מ. דילאָן; שפּעטער מנחם באָריישאָ, וועלכער האָט דעמאָלט
געהייסן בלויז „מנחם״; ה. לייוויק, וועלכער האָט דעמאָלט גע־
הייסן לייוויק האַלפּער. אָבער הויפּטזעכלעך האָט מיך דעמאָלט
פאַרכאַפּט משה לייב האַלפּערן.

פאַרוואָס עפּעס ער מער ווי אַלע אַנדערע?

עס קאָן זיין, אַז דערמיט האָט צו טאָן געהאַט זיין גרעסערע
פּאָעמע: „אין דער פרעמד״, וועלכע האָט געמאַכט אויף מיר
דעמאָלט אַזאַ געוואַלדיקן איינדרוק , אַז איך פלעג זי לייענען און
לייענען און נאָכאַמאָל איבערלייענען.

איך האָב אין יענער צייט הנאה געהאַט פון אַלץ, וואָס די
„יונגע״ האָבן אָפּגעדרוקט, אָבער אָט די פּאָעמע:

„די ליבע זינגט איר לעבנס־ליד אויף אונדזער שיף אַצינדער,
און אויגן לייכטן אויף מיט טיפע לעבנס־פרייד.

די ליבע זינגט, און אירלאַנדס יונגע זין און טעכטער טאַנצן
און טיפער רעדט צו מיר אַצינד מיין איינזאַמקייט".

אויסער דעם וואונדערלעכן ליריזם, די בילדלעכקייט אין די מערסטע פערזן, די ברייטע שורה פון וועלכער עס האָט געשלאָגן מיט נאָך ברייטערן דיכטערישן אָטעם, האָט צו מיר די פּאָעמע גערעדט דערפאַר, ווייל פּריש, נאָר־וואָס אריבערגעקומען פון דעם וואָלינער שטעטל, האָב איך זיך פּונקט, ווי משה לייב האַלפּערן געפילט זייער שטאַרק אין דער פרעמד.

אָבער עס איז נישט נאָר געווען די פּאָעמע אַליין. עס איז אויך געווען זיין אויסזען, וואָס איז געווען אַזוי אַנדערש פון די אַנדערע.

א פיגור פון א גלאַדיאַטאָר. גרויסע פיס און גרויסע הענט. א רויטלעך פּנים, מיט א פליישיקער נאָז און פולע, ברייטע ליפּן. א פּאָר ביסטרע אויגן און א קאָפּ טונקעלע האָר, דורכגעפעדימט מיט גרוי. ער האָט אויסגעקוקט לגבי אַלע איבעריקע ווי אַן אומרואיקער וואָלף צווישן א סטאַדע פון יונגע הירשן, וואָס קלייבט זיך שטענדיק עמיצן צו פאַרצוקן. זעלטן, ווען ער איז געזעסן מיט א גרופּע. אויך יוסף ראָלניק פלעגט מערסטנס זיצן אַליין, אָבער בשעת ראָלניקס אַליינקייט האָט געגעבן דעם איינדרוק פון הכנעה, פון צוריקגעצויגנקייט, איז משה לייבס אַליינקייט געווען אַזאַ, וואָס האָט געשריגן אויף אַלע זייטן:

— עך, לאָזט מיך צורו!

האָט מען אים טאַקע צורו געלאָזט. אָבער זיין זיצן אַליין האָט אַנדערע נישט צורו געלאָזט. אָפּגערעדט פון זייטיקע אריינקומער עפּעס אָפּצועסן, וועמעס בליקן האָבן אים שטענדיק נאָכגעפאָלגט. אויך די אייגענע, די יונגע שריפטשטעלער, האָבן געפילט, אַז ער איז דאָ, כאָטש ער איז מיט זיי ביי איין טישל נישט געזעסן. מען האָט געמוזט פילן, אַז ער איז דאָ. זיין אויסדרוקספול פּנים איז שטענדיק געווען אַרויסרופעריש און אָפטמאָל שפּאָטיש.

— קוקט אים נאָר אָן, ווי עס קאָכט אין אים, — האָב איך

נישט איינמאָל געהערט עמיצן באַמערקן אויף משה לייב האַל־פּערנס אַדרעס.

איינמאָל אין אַ שנייאיקן ווינטער־אָוונט פון דעם יאָר ניינצן־פופצן בין איך געזעסן, ווי מיין שטייגער איז געווען, ביי אַ טישל אין אָט דעם מילכיקן רעסטאָראַנטל.

עס איז נאָך געווען פרי. נישט אַלע פון די „יונגע" זענען זיך צוזאַמענגעקומען.

ביי איינעם פון די טישלעך זענען געזעסן אייזלאַנד און לאַנדוי. זיי האָבן צווישן זיך שטיל גערעדט און געוואָרפן אַלע וויילע די בליקן צו דער גלעזערנער טיר, און איך האָב שוין גע־וואוסט, אַז דאָס וואַרטן זיי ביידע אויף מאַני לייבן און אפשר אויך אויף איגנאַטאָוו, ווייל אָט די פיר זענען שטענדיק געזעסן צוזאַמען. אין אַן אַנדער ווינקל פון מייגעם איז געזעסן יוסף ראָלניק און פאַרטראַכט געזופּט די קאַווע פונעם טעפּעלע, ווי איך האָב דאָס געטאָן אין מיין ווינקל. עטלעכע פרעמדע מענטשן זענען געזעסן צעוואָרפן ביי פאַרשידענע טישלעך און געגעסן.

איך געדענק, אַז איך האָב זיך דעמאָלט געפילט זייער אומ־רואיק. א. ניסענזאָן, וואָס איז געווען ייִנגער פון מיר און האָט זיך שוין דעמאָלט געהאַט געדרוקט פיל אָפטער פון מיר, האָט צוגעזאָגט מיך דאָ צו באַגעגענען און מיך פאָרשטעלן פאַר עטלעכע פון די „יונגע" מיט וועלכע ער האָט זיך שוין געהאַט געקאָנט. פאַר מיר האָט יענער אָוונט געדאַרפט זיין אַ שטיקל געשעעניש. אָבער עס איז שוין געווען שפּעטער פון דער אָפּ־געמאַכטער צייט און ניסענזאָן איז נאָך נישט געקומען.

פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן משה לייב האַלפּערן. ער איז אַריין מיט זיין פעסטן, זיכערן טראָט, ווי זיין שטייגער איז געווען. ער האָט אויסגעטאָן זיין מאַנטל און זיין הוט, אַרונטער־גענומען די ברילן פון דער נאָז, וואָס זענען געווען באַטויט פון דעם דרויסנדיקן פראָסט, זיי אויסגעווישט מיטן טיכעלע און אָנטוענדיק זיי צוריק, זיך אַוועקגעזעצט ביי מיין טישל פונקט קעגנאיבער מיר.

ערשט דערמאָלט האָב איך דערפילט דעם אמתן אומרו אין זיך.

הערט א מעשה! א צייט, אז איך קום אריין אין אַט דעם פלאַץ און קוק שטענדיק מיט גרויס באַוואונדערונג אויף אים פון א זייט, און דאָ נעמט ער און זעצט זיך אַוועק קעגנאיבער מיר!

אין א רעסטאָראַן, אז עס זעצט זיך אַוועק ביי דיינעם א טישל א מענטש, איז ווענט זיך וואָס פאַר א מענטש דאָס איז, איז ער א מענטש א דורכשניטלעכער, א געוויינלעכער, איז ער פאַר דיר גלייך, ווי ער וואָלט אינגאַנצן נישט געזעסן. אפילו ווען אַזאַ מענטש רעדט צו דיר א וואָרט, איז דאָס גאָרנישט. ער בעט דיך, אז דו זאָלסט אים אונטעררוקן דאָס זאַלצמעסטל, רוקסטו דאָס אונטער און באַמערקסט אפילו נישט דעם מענטשנס פנים. מיט אַזאַ מין מענטשן ביי דיינעם א טישל אין א רעס־טאָראַן, פילסטו זיך, ווי דו וואָלסט געזעסן אַליין. אַנדערש איז דאָס, ווען דער מענטש איז נישט קיין דורכשניטלעכער, נישט קיין געוויינלעכער. אויב עפּעס אין אים איז נישט אַנגענעם, דער־פילסטו זיך שוין ענג. איז ער דאַגעגן גאָר אַן אַנגענעמער, ווערסטו שוין באַצוואונגען פון אים. ביסט מער נישט אַליין, נאָר אינגאַנצן מיט אים. אָפּגערעדט פון א מענטשן מיט וועמען דו ביסט פול, — א מענטשן מיט וועלכן דו האָסט א לאַנגע צייט ממש געגאַרט זיך צו באַקענען, און דו האָסט די געלעגנהייט נישט געהאַט, און דאָ, פּלוצלינג, אינגאַנצן אומגעריכט, זעצט ער זיך אַוועק לעבן דיר, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— אָט בין איך, און וואָס האָסטו צו זאָגן?

א מינוט בין איך געזעסן, ווי א געליימטער, וואָס קאָן קיין באַוועגונג נישט מאַכן. אין געדאַנק האָט עפּעס אָנגעהויבן צו אַרבעטן, אז די בעסטע זאַך איז זיך אויפצוהויבן און זיך אַרויס־שאַרן, אָבער דאָ טוט ער זיך גאָר א ווענד צו מיר:

— איר זייט פון די, וואָס שרייבן קורצע שורהלעך?

אָפּגעזאָגט אָט דעם פּסוק, איז דאָס אים נאָך נישט געווען

גענוג. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע גרויסע הענט אויפן טיש און אָנגעהויבן צו באַראַבאַנעווען מיט זיינע פינגער איבער דעם ביליקן מאַרמאָר און באַראַבאַנעווענדיק אַזוי, פרעגט ער ווייטער:

— איר זענט אַ פּאָעט?

איך האָב זיך מיט אַלע כחות אָנגעשטרענגט צו קריגן מיין קול אין האַלדז אַריין און געענטפערט:

— איך שרייב לידער.

אינעם רעסטאָראַנטל איז געוואָרן טומלדיקער, און דאָס ליכט איז איצט געווען שטאַרקער אַרום די טישלעך, כאָטש דער פּאַפּיראָס־רויך האָט זיך שוין געוויקלט אַרום די לאָמפּן, ווי אַ דינער גאַז־אַבאַזשי.

— אַזוי, אַזוי, איר אויך לידער, — האָט ער געמורמלט מיט אַ שפּאָטישקייט פון אַ דערוואַקסענעם בשעת ער רעדט צו אַ יינגערן אויף וועמען עס רוט נאָך די נאַאיווקייט פון אַן אומדערפאַרענעם.

— און ווי־זשע הייסט איר? — האָט ער געוואָלט וויסן.

דאָ האָב איך פּלוצלינג אָנגעהויבן צו פילן, ווי אַ שקאָצע־וואַטישקייט הויבט אָן אין מיר אויפצוגיין, און איך האָב מיט אַן אַרויסרופנדיקן קול אַ שאָס געטאָן:

— מיין נאָמען איז זיסע ווינפּערלעך, איז וואָס?

ער האָט זיך אָבער קענטיק פאַר מיין אַרויסרופערישדיקייט גאָרנישט איבערגעשראָקן. אדרבה, זיין פּנים איז שוין איצט געווען ממש לצעוואַטע:

— ווינפּערלעך . . . באַשיינפּערלעך . . . הם, — האָט ער זיך צעברומט, און באַלד צוגעלייגט:

— מיין ליבער פריינט, איר ווייסט, וואָס פון אייער נאָמען קאָן מען מאַכן?

— וואָס? — האָב איך שטירדיש געפרעגט.

— אַ גוטע באַלעבאָסטע וואָלט פון אייער נאָמען געקאָנט מאַכן וואַרעניע, כאַ־כאַ!

זיין געלעכטער האָט זיך אַ קייקל געטאָן איבערן טיש און



הערשל שאַפּיראָ — צייכנונג מ. ל. האַלפּערן

זיך אויסגעמישט מיט דעם הילך פון זיין פינגער־באַראַבאַנעווען. אָבער פּלוצלינג האָט זיך זיין קול אַ בייט געטאָן.

ער האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר מיט אַ ווייכקייט, אין וועלכער עס איז אויך געווען באַפעלערישקייט :

— נו, איר האָט דאָך זיכער לידער ביי זיך, טאָ ווייזט אין לאָמיך זען, וואָס אַ יונג מיט אַזאַ נאָמען האָט צו דיכטעווען.

ביז היינט קאָן איך נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי איך בין נישט אויפגעשטאַנען און נישט פאַרלאָזט דאָס טישל. אָבער איך בין געבליבן זיצן און נאָך אויסגעפאָלגט דאָס, וואָס ער האָט פון מיר געוואָלט. אפילו ער אַליין פלעגט יאָרן שפּעטער ביי מיר פרעגן :

— ווייַנפער, פאַרוואָס האָט איר דעמאָלט מיר נישט געגעבן וואָס מיר איז באמת געקומען ?

אָבער איך האָב אים קיין אַנדער זאַך נישט געגעבן דעמאָלט, ווי נאָר אַ היפּשע צאָל שטיקלעך פאַרשריבן פּאַפּיר, וואָס איך האָב אַרויסגעפּאַקט פון אַלע מיינע קעשענעס.

זעט אויס, אַז שוין אַביסל צו־שטאַרק בין איך געווען אונטער דעם היפּנאָז פון זיינע לידער, וואָס האָבן געוואַלדיק געווירקט אויף מיר, אַז איך זאָל אים קאָנען באַליידיקן. איך געדענק נאָר, אַז געבענדיק אים מיינע שטיקלעך פּאַפּיר, האָב איך אין אויפ־רעגונג געזאָגט :

— אָט האָט איר, לייענט, אויב איר ווילט !

פונדעסטוועגן קאָן מען נישט זאָגן, אַז מיין הארץ האָט אפילו דעמאָלט נישט געקלאַפּט וועגן זיין מיינונג. אָבער זעענדיק אויף וואָס פאַר אַן אופן ער קוקט אריין אין מיינע שטיקלעך פּאַפּיר, האָב איך באַלד באַנומען, אַז עס איז נישט גוט. איך האָב געקאָנט שווערן, אַז ער האָט קיין איין ליד מיינס נישט דערלייענט ביזן סוף. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ פּאָר שורות, אַוועקגעלייגט און זיך גלייך גענומען צו אַ צווייטס, צו אַ דריטס און אַזוי ווייטער.

פּלוצלינג האָט ער געטאָן אַ שאַר אַוועק אַלע פּאַפּירלעך פון זיך און זיין פּנים האָט זיך אָנגעצונדן מיט כעס.

— עס איז נישט נאָר אײער נאָמען, יונגערמאַן, עס איז אויך . . . — האָט ער אָנגעהויבן מיט רציחה אין זײַן קול, און דאָ האָט ער אויף מיר אַ שאָס געטאָן:

— מיט אַזאַ פּנים, ווי אײַערס ווילט איר ווערן אַ דיכטער בײַ ייִדן?

צי האָב איך אים דעמאָלט עפּעס געזאָגט, געדענק איך נישט גענוי. איך געדענק אָבער גוט, אַז איך האָב איבערגעלאָזט די לידער מײַנע אויפֿן טיש און בין אַרויס פֿון רעסטאָראַנטל.

עס איז געווען אַ קאַלטער און שנייאיקער אָוונט, און איך האָב געשפּאַנט ווי אין אַ טראַנס, נישט ווייסנדיק אַליין וואוהין מײַנע טריט פֿירן מיך. איך שטעל זיך איצט פֿאָר, אַז איך האָב זיך אין יענעם מאָמענט געפֿילט, ווי אַ קראַנקער, וואָס האָט אויסגעהערט פֿון זײַן דאָקטאָר אַן אָפּנהאַרציקן אורטייל, אַז עס איז נישטאָ אויף וואָס צו האָפֿן.

איך האָב געשפּאַנט גאַס אויס און גאַס אײַן און אין די אויערן האָבן נישט אויפֿגעהערט צו קלינגען זײַנע בייזע ווערטער:

— ווײַנפּערלעך . . . בעשײַנפּערלעך . . . וואָרעניע . . . עס איז נישט נאָר דער נאָמען . . . עס איז אויך דאָס פּנים . . .

אין די אַלע שפּעטערדיקע יאָרן פֿון אונדזער נאָענטקייט, פֿלעגט משה לייב בײַ יעדער געלעגנהייט זיך אומקערן צו יענער געשעעניש צווישן אונדז און שטענדיק איז זײַן טאָן געווען אַן אַפּאָלאָגעטישער.

— איך האָב געמוזט זײַן אין אַ מוראַדיקער שטימונג יענעם אָוונט, — פֿלעגט ער זאָגן.

אָפּטמאָל האָט ער געזוכט אַן אויסטײַטשונג פֿאַר זײַנע שאַרפֿקייטן דעמאָלט צו מיר.

— אַז אַ מענטש האָט אַ פּנים פֿון אַן אוקראַינישן שייגעץ, איז וואָס־זשע איז דער וואונדער, וואָס איך האָב דאָס געזאָגט?

אָבער וואָס די סיבה פֿון זײַן דעמאָלדיקן אויפֿברויז איז נישט געווען, בין איך יענעם אָוונט געוואָרן אַזאַ צעבראָכענער, אַז איך

האָב מיט אַן ערנסט באַשלאָסן אויסצוהיילן זיך פון דער פּאָעטי־שער מחלה און זיך נעמען צו עפּעס אַנדערש.

איך געדענק, אַז אויף דער דילעַנסי גאַס בין איך געבליבן שטיין ביי אַ שפּיגל־פענצטער פון אַ שיכגעשעפט און לאַנג געקוקט אויף זיך:

— מילא, מיינע לידער טויגן נישט, קאָן איך נאָך שרייבן אַנדערע. אָבער וואו זאָל איך נעמען אַן אַנדער פּנים?

יד

עס זענען אָנגעשטאַנען זייער שווערע טעג פאַר מיר. דער אָפּשניט, וואָס איך האָב געקראָגן פון דעם דיכטער וועמענס לידער איך האָב אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, האָט זיך אויסגעמישט מיט דער שווערקייט פון דער מלחמה איבער וועלכער איך בין אינגאַנצן אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער היים.

ניו־יאָרק איז מיר נאָך אינגאַנצן פרעמד געווען. איך האָב זיך אין יענע טעג גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז אָט די שטאָט וועט מיר ווען סע נישט איז אייגן ווערן. די ארבעט צו פאַרבן ברודיקע דירות אין די פאַרוואָרלאָזסטע ברוקלינער געסלעך, האָט זיך געלייגט שווער אויף מיין געמיט. מיין באַשלוס מער קיין לידער נישט צו שרייבן האָב איך נישט געקאָנט דורכפירן. עס האָט זיך געשריבן קעגן מיין ווילן. און נישט נאָר געשריבן, נאָר אפילו אָפּגעשיקט לידער צו ש. יאַנאָווסקין אין דער „פרייער ארבעטער שטימע״, וואו זיי זענען דווקא באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן. אָבער קיין פרייד פון דעם האָב איך נישט געהאַט, וואָרים ווי באַלד די לידער מיינע געפעלן נישט דעם פּאָעט, וואָס געפעלט מיר אַזוי שטאַרק, איז וואָס־זשע קומט אַרויס?

אָבער אין יענע טעג האָב איך פונדעסטוועגן געפונען אַן אַנדער פרייד, וואָס האָט געבראַכט באַרויקונג.

דאָס איז געווען דער פרייער צוטריט אין די שטאָטישע ביבליאָטעקן. די ערשטע טעג נאָך דער איבערלעבונג מיט האַל־פּערנען, בין איך געווען אַן אָפטער זיצער אין דער וויליאַמס־

בורגער ביבליאָטעק. דאָרטן האָב איך געפונען יידישע און רוסישע ביכער, וועגן וועלכע איך האָב אין מיין וואָלינישן שטעטל בלויז געהערט, אָבער נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו קריגן. איך האָב מיט גרויס אַפּעטיט דורכגעשטודירט די ווערק פון מאָריס ראָזענפעלד, יהואש, אַ צאָל נאָוועלן פון לעאָן קאָברין און אַנדערע עלטערע יידישע שריפטשטעלער. איך האָב אויך זיך באַנוצט מיט אַ סך רוסישע ביכער, וואָס איך האָב דאָרטן געקראָגן. איך האָב אפילו אין יענער צייט זיך רעגיסטרירט אין אַן אָוונט שול זיך צו לערנען ענגליש, אָבער דער אינטערעס צו לייענען אַט די אַלע ביכער איז געווען שטאַרקער, ווי צו זיצן אין דער אָוונט־שול און איך האָב באַשלאָסן, אַז מיט ענגליש האָב איך נאָך צייט. שפּעטער האָב איך איבערגעביטן די ביבליאָטעק אין וויליאַמסבורג אויף דער, וואָס געפינט זיך אויף איסט־בראָדוויי, כאָטש נאָך אַ טאָג אַרבעט איז געווען פאַר מיר נישט קיין קליינע אָנשטרענגונג צו גיין אַזאַ מהלך יעדן פאַרנאַכט. פאַרוואָס האָב איך איבערגעביטן? זיך אַליין האָב איך געפּרואווט איינרעדן, אַז איך טו דאָס דערפאַר, ווייל אין דער ביבליאָטעק אויף איסט־בראָדוויי איז דער אויסוואַל פון יידישע און רוסישע ביכער אַ פיל גרעסערער, ווי אין דער וויליאַמסבורגער, אָבער ביז היינט איז ביי מיר דער פאַרדאַכט, אַז געטאָן האָב איך דאָס גיכער דערפאַר, ווייל די ביבליאָטעק אויף איסט־בראָדוויי איז געווען זייער נאָענט פון דעם רעסטאָראַנטל, וואו די „יונגע" זענען געזעסן יעדן אָוונט. אמת, איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז אין אָט דעם רעסטאָראַנטל וועל איך נישט גיין, אָבער די ביבליאָטעק איז דאָך נישט דאָס רעסטאָראַנטל. אַי, טאָמער קומט אַריין אַמאָל אַהין משה לייב האַלפּערן? נו, איז וואָס? עס קומען אַהין אַריין אַ סך קענטשן, וועלכע איך באַמערק נישט, וועל איך אים אויך נישט באַמערקן.

און ווידער, אָט האַלט איך דאָך סיי־ווי נישט אַלע אָפּמאַכן, וואָס איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט. אָט שרייב איך דאָך ווייטער לידער, כאָטש איך האָב באַשלאָסן דאָס נישט צו טאָן. און נישט

נאָר שרייב איך, נאָר שיק זיי כּסדר אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע" אַריין, וואו זיי ווערן געדרוקט. און אַ באַווייז, אַז איך קלייב זיך גאָר נישט אויפצוהערן צו שרייבן, איז פאַר מיר געווען דאָס, וואָס איך האָב אַפילו מיין נאָמען רעמאַנטירט. פון „זיסע וויינפּערלעך" איז ביי מיר געוואָרן: „ז. וויינפּער". און איך געדענק, ווי איך האָב זיך דעמאָלט געוויצלט מיט זיך אַליין אויפן חשבון פון אָט דער ביטעניש.

— מילא, דאָס פּנים מיינס קאָן איך נישט איבערבייטן, אָבער דעם נאָמען קאָן איך דאָך יאָ.

מיט האַלפּערן איז מיר פונדעסטוועגן אין אָט דער ביבליאָטעק אויף איסט־בראָדוויי זיך נישט אויסגעקומען צו טרעפן. דער־פאַר האָב איך זיך פון צייט צו צייט יאָ באַגעגנט מיט דעם, אָדער אַן אַנדערן פון דער יינגערער חברה, וואָס זענען דעמאָלט געגאַנגען אונטער דער פירמע „יינגסטע". פאַרוואָס עפּעס דער נאָמען „יינגסטע"? גאַנץ פּשוט, ווייל מען האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון די „יינגע" אַ חוץ מיט די עטלעכע יאָר, וואָס מען איז יינגער געווען און אַזוי ווי יענע רופן זיך „יונגע", זענען מיר די „יינגסטע".

אָט די חברה „יינגסטע" איז דעמאָלט באַשטאַנען פון ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, גרשון גראַפּשטיין, א. ניסענזאָן, משה טאָלטשין, אפרים אויערבאַך, נפתלי גראָס און מיין וויניקייט.

פון אָט דער גרופּע האָט אין יענער צייט באַזונדערס געשיינט א. ניסענזאָן, כאָטש ער איז געווען דער יינגסטער פון אונדז אַלעמען. ער האָט זיך געדרוקט פיל אָפטער פון אונדז און שוין אַפילו געהאַט די הסכמה פון מאָריס ראָזענפעלדן, און מאַני לייב האָט אים געשענקט גאָר באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

פאַרלאָזנדיק דאָס רעסטאָראַנטל האָב איך, פאַרשטייט זיך, אַ שטיקל צייט זיך אויך נישט באַגעגנט מיט די „יינגסטע".

פּלוצלינג דערזעט מיך א. ניסענזאָן אין דער ביבליאָטעק, און שטעלט אָן אויף מיר זיינע אויגן:

— וואוהין ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?



וויינפער־האַלפערן — צייכנונג הניך גליצנשטיין

איך האָב אים אָפּנהאַרציק דערקלערט, אַז איך וועל מער נישט אַריבערטרעטן די שוועל פונעם רעסטאָראַנטל, וואו עס זיצן אַזעלכע רשעים.

— דו מיינסט דאָך אודאי האַלפּערן, — האָט ער באַמערקט און דערביי מיר גלייך געלאָזט וויסן, אַז דער זעלבער האַלפּערן איז אויסער זיך, הלמאי ער האָט מיך אַזוי באַהאַנדלט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט מיינע לידער, וואָס איך האָב געלאָזט אויפן טיש, אַז עטלעכע פון זיי געפעלן דוקא, אַז די לידער מיינע אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע" האָט ער אפילו געלויבט פאַר חברים, און דער עיקר טוט אים זייער הנאה, וואָס דו הייסט שוין מער נישט ווייַנפּערלעך, נאָר ווייַנפּער.

איך האָב זיך צעלאַכט, און דאָס געלעכטער מיינס האָט געמוזט זיין זייער אַ פּריידיקס, וואָרים ניסענזאָן האָט גלייך אויסגענוצט די געלעגנהייט און ביי מיר געפרעגט, צי איך וויל מיט אים מיטגיין זיך צו באַגעגענען מיט האַלפּערנען.

— נישט איצט, — האָב איך זיך געוואַקלט און צוגעגעבן:

— אפשר שפּעטער, אפשר היינט אָוונט.

און טאַקע דעם זעלבן אָוונט האָב איך זיך אַריינגעשאַרט אינעם רעסטאָראַנטל, און ווי נאָר איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָב איך דערהערט משה לייבס קול:

— העלאָ, ווייַנפּער!

ווי אַנדערש האָט זיין קול דאָס מאָל געקלונגען, און ווי אַנדערש ער האָט אויסגעזען!

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין בענקל און איז מיר אַנטקעגן געגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט און אַ ביז־גאָר מילדן, שמייכלדיקן פּנים, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט הוילע גוטסקייט:

— וואָס מאַכט איר, בחור? איך האָב זיך די גאַנצע צייט נאָכגעפרעגט אויף אייך. האָסטו געהערט אַ מעשה! אַ יונג לאָזט איבער לידער אויפן טישל און אַנטלויפט!

ווען מיר האָבן זיך געזעצט ביים טישל, איז זיין פּנים שוין

געווען ממש אַ צעלויכטנס. ער האָט מיר באַלד איבערגעזאָגט אַלץ, וואָס ניסענזאָן האָט מיר פריער איבערגעגעבן אין זיין נאָמען:

— נו, יאָ, אויך אייער נאָמען ווײַנפּער איז גוט. פון אַ ווײַנפּערן קאָן מען עפּעס דערוואַרטן, אָבער פון ווײַנפּערלעך, און נאָך זיסע דערצו?

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קלינגנדיקן באַריטאָן געלעכטער און מיך געבעטן טרינקען קאַווע מיט אים, אימפּראָוויזירנדיק דערביי פאָלגנדע שורות:

„אָדם איז געווען אַ זכר,
אַ נקבה, חוה, —
אַ מענטש דאַרף קאָנען שרייבן
און טרינקען קאַווע!"

יענעם אָוונט האָט ער מיך שוין גאָרנישט אָפּגעלאָזט פון זיך און ממש באַגאָסן מיט גוטסקייט.

— אגב, ווענן אייער פּנים, — האָט ער זיך פּלוצלינג אַ ווענדט געטאָן צו מיר מיט אַ שמייכלענדיקער מילדקייט אין זיינע גרויסע גרויע אויגן:

— איך האָב בפירוש נישט געמיינט אָט דאָס, וואָס מיין מויל האָט אַ זאָג געטאָן צו אייך. דאָס איז דער רשע אין מיר, וואָס שפּרינגט אַמאָל אַרויס פון מיין מויל קעגן מיין ווילן. אָט קוק איך איצט אויף אייער פּנים און עס געפעלט מיר גאָר. איך וועל אייך נאָך אַמאָל צייכענען.

— וואָס־זשע איר צייכנט אויך?

— אביסל, פון צייט צו צייט, — האָט ער געענטפערט, און כדי מיר צו באַווייזן, אַז ער קאָן טאַקע די מלאכה, האָט ער אַרויס־גענומען אַ בלייפעדער און זייער פלינק אָנגעצייכנט אויפן מאַרמאָר פונעם טישל אַ ברייטע און זייער קאָמישע פּרויען־פיגור, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ סוברעטן פונעם דעמאָלדיקן יידישן טעאַטער.

שפּעט אין אָוונט זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען אהיים צופוס

איבער דעם וויליאַמסבורג בריק, וואָס בינדט צונויף ניו־יאָרק מיט ברוקלין און ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן מיט צופרידנ־קייט, וואָס מיר וואוינען אין שכנות:

— וועלן מיר זיך זען אָפט, הא? — האָט ער ביי מיר אַלע וויילע געפרעגט, און אָט די פראַגע זיינע האָט מיך אָנגעפילט מיט גרויס פרייד און האָפענונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך שוין נאָך אָט דעם אָוונט געזען זייער אָפט.

ער האָט געוואוינט אויף קיפ גאַס אין אַ קליין, טונקל צימערל פון אַן אַלט, רויט אָפּגעפּאַרבט הויז, און איך, נישט ווייט דערביי, אויף זעקסטע גאַס, אין אַן ענלעך צימערל ביי אַ מאַליער־אַרבע־טער. ער האָט אין יענער צייט פאַרדינט אַ פּאָר דאָלאַר אַ וואָך פון זיין מיטאַרבעטערשאַפט אינעם וועכנטלעכן „קונדס" און איך האָב אויך נישט מער פאַרדינט פון קראַצן פייער־לייטערס און פאַרבן די ברודיקסטע דירות אין דער אָרעמסטער געגנט פון ווי־ליאַמסבורג. פון ביידנס פאַרדינסטן האָט מען נישט געקאָנט צו־נויפשטעלן אפילו קיין קבצן, אָבער פונדעסטוועגן האָט מען גע־לעבט. מען איז געגאַנגען צופוס איבערן בריק, ווייל עס איז גע־ווען אַ שאָד די פּאָר סענט, אָבער פונעם בריק האָט זיך געזען דאָס אָוונטיקע ניו־יאָרק, וואָס האָט געצונדן די הערצער. אָפּגערעדט דערפון, אַז איך האָב פאַר אים אין יענער צייט געלייענט יעדע שורה, וואָס איך האָב אויפגעשריבן און ער האָט מיר געגעבן סיי דערמוטיקונג און סיי שמיץ. דאָס לעצטע האָט ער אויסגעטייטלט אין אַ פיל גרעסערער מאָס, ווי דאָס ערשטע, ווייל דאָס ערשטע איז ער אָפּגעקומען געוויינלעך קורץ און שאַרף:

— איר האָט טאַלאַנט, בחור, אָבער . . .

און עס איז געווען אָט דער „אָבער" פון וועלכן ער פלעגט ווערן דער רימען איבער מיין רוקן.

— לידלעך, גלאַט אַזוי לידלעך, ווי שיין און ווי פּאָעטיש זיי זאָלן נישט זיין, מיינען גאָרנישט. יעדער מענטש מיט אַ פּאָ־עטישן אָדער אין זיך קאָן דאָס באַוויזן, אָבער וואָס מען דאַרף

איז, געבן זיך און דורך זיך די וועלט, ווי מען זעט זי און ווי מען לעבט זי איבער.

אַט אַזוי האָט ער געטענהט צו מיר און דערביי גענומען ביישפּילן אַלערליי דיכטער פון וועלכע ער האָט געהאַלטן.

— און וואָס באַשטייט די גרויסקייט פון היינען? — האָט ער געפרעגט, און אַ טאָפּ טוענדיק די ברילן איבער זיין נאָז, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן פון היינען מיט געוואַלדיקער באַגייסטערונג.

— עס איז נישט בלויז דער געוואַלדיקער ליריזם, וואָס עס איז דאָ אין זיין וואָרט, — עס איז גיכער די אויסגעשפּראָכענע און קאָלירפולע פּערזענלעכקייט זיינע, וואָס מען פילט אין זיין דיכטונג.

— אָט נעמט אונדזער יוסף ראָלניקן! מיר איז פרעמד ראָלניקס וועלט. אַ קבצנותדיקע וועלט מיט קליינע השגות, אָבער אַ וועלט איז זי און יוסף ראָלניק פאַרטרעט זי טאַלאַנטפול און ערלעך.

אין יענער צייט האָט זיך באַוויזן ה. לייוויק, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דרוקן זיינע לידער אונטער דעם נאָמען „לייוויק האַלפּער". און כאָטש משה לייב איז נישט אַנטקעגנגעגאַנגען אָט דעם נייגעקומענעם מיט אַזאַ באַגייסטערונג, ווי אַנדערע, ווי די איבעריקע פון די „יונגע", האָט ער אָבער שטענדיק גערעדט וועגן אים מיט אָנערקענונג.

— איר פאַרשטייט? מיר איז פרעמד די פּראָסטעקייט פון זיין טאָן, אָבער זיינע לידער ווייזן, אַז ער קומט פון ערגיץ, — האָט ער מיט מיר געלערנט פּשט, און דערביי צוגעלייגט:

— און אַז מען קומט פון ערגיץ, איז דאָ מעגלעכקייט ערגיץ וואוהין צו דערגיין.

עס איז געווען ביז גאָר מאָדנע משה לייבס באַציאונג צו לייוויקן. פון איין זייט איז ער געווען קעגן לייוויקס לידער און פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אים געוואַלדיק אינטערעסירט.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך פאַר־

שטיי דאָס, אָבער אין יענע ערשטע יאָרן האָב איך האַלפּערנס באַ־נעמונג צו לייוויקן נישט אינגאַנצן פאַרשטאַנען.

— אײַפּערזיכט! — פלעגט עמיצער אַמאָל אַ וואָרף טאָן מיט אַ וואָרט, אָבער אויף וויפיל איך האָב נאָכגעפאָרשט משה לייבן, איז ער געווען אַ גרויסער פאַרגינער, און דאָך פאַרוואָס איז ער איינמאָל אַזוי אויפגערעגט געוואָרן אויף אַשן, ווען יענער האָט אים צונויפגעמישט מיט לייוויק האַלפּער?

— איר האָט שיינע לידער אין דער „צוקונפט”, — האָט אַש איינמאָל קאָמפּלימענטירט משה לייבן, אָבער די לידער זענען דע־מאָלט נישט געווען האַלפּערנס, נאָר האַלפּערס, האָט זיך משה לייב צעשטורעמט:

— שוין צייט צו וויסן, אַז מיין נאָמען איז נישט האַלפּער, נאָר האַלפּערן! — האָט ער זיך שטאַרק צובייזערט.

נאָך אָט דער סצענע האָב איך געפרעגט ביי משה לייבן, הלמאי ער האָט זיך אַזוי אויפגערעגט, האָט ער אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ פאַרשוילדיקטער און גאָרנישט געענטפערט און פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז ער אַליין ווייסט נישט פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אויפגערעגט.

און דאָך בין איך זיכער, אַז נישט קיין אײַפּערזיכט איז דאָס געווען, נאָר עפּעס אַנדערש.

ער איז ביז לייוויקס קומען אין דער יידישער דיכטונג געווען דער איינציקער צווישן די „יונגע” מיט דעם שטאָלענעם קול. פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן לייוויק מיט אַן ענלעכן קול. אמת, נאָר אַן אַנדער מין שטאָל, אָבער דאָך שטאָל. האָט זיך שטאָל מיט שטאָל באַגעגנט און זיך אָנגעשלאָגן. ביידע קולות שטאָלענע און ביידע בריענדיקע. אָבער בשעת משה לייבס האָט געבריט מיט אָנגעגליטן שטאָליקן פייער, איז לייוויקס שטאָל געווען קאַלט, ווי אייז. איז דאָ געווען אַ פראַגע, צו דאָס פייער וועט צעשמעלצן דאָס אייז, אָדער דאָס אייז וועט פאַרלעשן דאָס פייער.

ניין, נישט קיין אײַפּערזיכט האָט משה לייב געפילט צו ליי־

וויקן, נאָר אויפגעשרויפטע וואַכזאַמקייט צו אַן ענלעכן כוח, ווי ער האָט פאַרמאָגט אין זיך.

משה ליב האַלפּערן איז אויך געווען וואַכזאַם צו די איבעריקע דיכטער פון זײַן דור, אָבער אָט די וואַכזאַמקייט איז געווען גאָר אַן אַנדערע. עס איז געווען אַ וואַכזאַמקייט נישט צו באַקעמפן זיי, נאָר אויפצונעמען זיי, ווי קולות פון גאָר אַן אַנדער סאָרט, וואָס האָבן מיט זײַן קול קיין שום שייכות נישט.

— אַ ליד באַשטייט נישט בלויז פון די פײַנע שורות, וואָס זײַנען דאָ אין דעם, נאָר דער עיקרשט פון דעם קול, וואָס הערט זיך הינטער דעם, — פלעגט ער מיט מיר אײַנטענהען און דערבײַ נישט אויפגעהערט צו מאָנען בײַ מיר מײַן קול.

— לידער שרײַבט איר פײַנע, אָבער אײַער קול וואו איז?

— האָט ער אין יענער ערשטער צײַט פון אונדזער נאָענטקייט כסדר צו מיר טענות געהאַט.

נאָר אָט טרעפט זיך אײנמאָל אין אַן אָוונט און איך טראָג אים אַרויף וויַזן מײַנע ערשטע עטלעכע לידער פון וואָלין און משה ליבס אויגן שײַנען אויף בײַם לייענען.

— ענדלעך, — זאָגט ער צו מיר שפּעטער און קוקט אויף מיר מיט אמתע פרייד.

אָבער לאָמיך פריער דערציילן, וואָס עס האָט געפירט, אַז אַז איך זאָל אָט די לידער אויפשרײַבן.

אײנמאָל אין אַ שפּעטער ווינטער נאַכט זענען געזעסן אַ צאָל שריפטשטעלער אין דעם קאַפע „צענטער" אַרום דעם גרויסן קוילן־אויוון און זיך מעשות דערציילט.

עס איז געווען אַ טשיקאַווע פּלאַץ אָט דאָס קאַפע־הויז מיט דעם נאָמען „צענטער".

אַ לאַנג און שמאָל צימער, וואָס האָט מער אויסגעקוקט, ווי אַ קאָרידאָר, ווי עפּעס אַנדערש. אַ גלעזערנע טיר מיט אײן פענצטער פון פאָרנט און אין דער מיט פון דעם פּלאַץ איז געשטאַנען אַ גרויסער אײַזערנער און בײַכיקער אויוון, וואָס איז געהייצט געוואָרן מיט קוילן. געאָגראַפיש איז דאָס קאַפע „צענטער" גע־

ליגן אויף איסט בראָדוויי צווישן „שלומס" קאַפּע־הויז, וואוהין עס פלעגן קומען די „אַלטע" און דעם מילכיקן רעסטאָראַנטל, וואָס איז געווען דער מקום־מקלט פאַר די „יונגע", און ווייל דער באַ־לעבאָס פון אָט דעם נייעם „קאַפּע־צענטער" איז געווען דער באַ־רימטער יידישער נאָוועליסט ל. שאַפּיראָ האָט דאָס ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו ווערן אַ מין נייטראַלע זאָנע, וואו עס האָבן זיך צונויפגעטראָפןביידע צדדים, — די „יונגע" און די אַלטע.

די משפחה שאַפּיראָ האָט פאַרוואַנדלט דאָס פּלאַץ אין אַ מין היימישן ווינקל פאַר שריפטשטעלער. נאָך איינס ביינאַכט פלעגט מען קיין זייטיקע מענטשן נישט אויפנעמען און בלויז שריפט־שטעלער זענען געבליבן.

— איצט בין איך ניט קיין רעסטאָראַטאָר, — פלעגט ל. שאַפּיראָ זאָגן, ווען דער זייגער האָט געוויזן איינס, און דאָס האָט געמיינט, אַז ער וויל מען זאָל טרינקען טיי, אָדער קאַווע און נישט וואָגן צו באַצאָלן.

אין די שפּעטע ווינטער אָוונטן פלעגט נישט איינמאָל בלייבן זיצן אַ צאָל שריפטשטעלער. די טיר איז געווען צוגעשלאָסן, די ראָלעטן איבער די שויבן פונעם פענצטער און טיר אַרונטערגעלאָזט. די מערסטע לאָמפּן אויסגעלאָשן אַזוי, אַז דער גליענדיקער זשאַר אינעם אייזערנעם אויוון איז געוואָרן באַזונדער אָנזעעדיק.

איך האָב זייער שטאַרק ליב געהאַט אָט די שפּעטע נאַכטיקע שעה'ען אינעם „קאַפּע צענטער".

די זיצנדיקע אַרום דעם אויוון, ווער מיט אַ גלאָז טיי אין די הענט, און ווער מיט אַ פּאַפּיראָס, אָדער אַ לולקע אין מויל האָבן געגעבן דעם איינדרוק פון אַנטרינענע פון עפּעס גאָר גרויסע געפאַרן, וואָס כאַפּן דאָ אָפּ אויף אַ ווייל דעם אָטעם. די שמועסן זענען טאַקע געווען פון אַנטרינענע, וואָרים די מערסטע זענען דאָך געווען נאָר וואָס אַריבערגעקומענע פון אייראָפּע, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין פייער און אין פלאַם פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין איינער אַזאַ נאַכט זענען געזעסן אַרום דעם אויוון:
שלום אַש, אברהם רייזען, מ. י. חאַימאָוויטש, רחל לוריע, ל. שאַ־
פּיראָ מיט זיין פרוי, הערמאַן גאָלד, משה לייב האַלפּערן און איך.

מען איז געזעסן, געטרונקען טיי, געררויכערט און זיך דער־
ציילט מעשות. אַ שאָד, וואָס איך געדענק נישט די מעשיות, וואָס
מען האָט זיך דעמאָלט דערציילט, וואָרים איך געדענק, אַז איך
בין געזעסן, ווי אַ פאַרכישופטער פון זיי. אוודאי האָט די טונקל־
קייט, און דאָס זשאַריקע ליכט פונעם אויוון דעם כישוף פאַר־
שטאַרקט, אָבער די מעשות אַליין זענען געווען אַזוי רייך און פאַר־
ביק. איך געדענק זייער גוט, אַז אַלע מעשות זענען געווען פונעם
היימישן לעבן אין די שטעטלעך, אָדער דערפער, וואו די שריפט־
שטעלער זענען געבוירן געוואָרן.

ווען אַלע האָבן זיך שוין, זעט אויס, גענוג אָנדערציילט,
האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו מיר:

— דערציילט עפּעס, וויינפּער, — האָט רחל לוריע זיך גע־
געוועגט צו מיר, און רייזען האָט צוגעהאָלפן.

— איצט וועט וויינפּער דערציילן!

איך בין געווען דער יינגסטער אין דער מסיבה און זיך
אביסל געשעמט, אָבער אַז איך האָב געזען, אַז מען פאַרלאַנגט
אומבאַדינגט, האָב איך אָנגעהויבן. איך געדענק, אַז צום אָנ־
הויב איז מיר געגאַנגען נישט אַזוי גוט. זיך געשראָקן אביסל,
אָבער ביסלעכווייז בין איך אַליין אריינגעצויגן געוואָרן, און די
מעשה, וואָס איך האָב דערציילט פון אַ פּוילישן פּריץ מיט אַ
יידן, האָט, זעט אויס, פאַראינטערעסירט די צוהערער, וואָרום
מען איז געזעסן שטיל און געשמאַק געהערט.

ווי לאַנג איך האָב דערציילט, געדענק איך נישט, אָבער ווען
איך האָב געענדיקט, איז געשען אַזוינס אויף וואָס איך האָב זיך
נישט געקאָנט ריכטן.

— גייט אין אַלדע שוואַרצע יאָר! — האָט משה לייב האַל־
פּערן זיך אַ ריס געטאָן אויף מיר און מיך גענומען זידלען מיט
אמתן ברוגז אין זיין קול.

— וואָס האָט איר צו אים? — האָט אַש זיך געווענדט צו האַלפּערנען אַ דערשטוינטער.

— עס איז געווען אַ מחיה צו הערן, — האָט רייזען זיך אויך אָנגענומען פאַר מיר.

— אָט דערפאַר ביז איך דאָך בייז! — האָט האַלפּערן געַ־נומען דערקלערן און שוין אַביסל אַ בארואיקטער צוגעלייגט:

— אַ יונג האָט אַזאַ רייכן קוואַל פון וואַנען צו שעפּן, און שרייבט לידלעך פון פּאָוועטינע, צום שוואַרצן יאָר!

שפּעטער, אין דער זעלבער נאַכט, ווען מיר האָבן ביידע געַ־שפּאַנט צופוס אַהיים איבער דער וויליאַמסבורג בריק, האָט ער אַ לאַנגע צייט געשוויגן. ערשט ווען מיר האָבן זיך געדאַרפט צוַ־שיידן, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— זייט מוחל פאַר דעם היינטיקן אויפברויז. איך האָב יישט געמיינט קיין שלעכטס.

— איך ווייס, משה לייב, — האָב איך געזאָגט כדי אים צו בארואיקן, אָבער דאָ האָט ער מיך ערשט גענומען אויפן צימבל.

— לעצטע וואָך האָב איך געלייענט אייערס אַ ליד, ווי אַזוי איר שטייט ביי אַ טיר פון אַ מיידלשן צימער און וואַגט נישט אַריינצוגיין. פאַרוואָס וואַגט איר נישט? אַ יונג, ווי איר, מיט דער געזונטקייט פון דער אוקריינישער ערד אין זיך, דאַרף נישט ציטערן ביי אַ טיר פון עפּעס אַ מיידל. מען גיט אַ זעץ מיט די געזונטע ידים, און מען גייט אַריין!

איך האָב זיך צעלאַכט אין דער נאַכט אַריין און ער האָט מיטגעלאַכט און ווייטער גערעדט:

— איך האָב היינט אין אייער דערציילן דערהערט אייער קול. איר ווייסט גאָרנישט אַליין וויפיל לידער, עכטע, אמתע, איר האָט היינט אין אייער דערציילן אַרויסגעבראַכט!

איך האָב יענע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. עס איז געווען, ווי משה לייב וואָלט מיך ביי דער האַנט גענומען און מיך אָפּגעפירט אַהיים, און ווען איך האָב אים אין עטלעכע טעג אַרום געבראַכט מיינע ערשטע לידער פון וואָלין, האָט ער זיך געפרייט מיט זיי.

## טו

אין יענער צייט האָט ער פאַרענדיקט זיין גרויסע פּאָעמע „אַ נאַכט".

קלינגען שפּאָרן, קלאַפּן פיס,
בלאַנקען ביקסן, שווערד און שפּיז
האָלאָלאָ, האָלי, האָלי —
שפּרינגט מיין שוועסטער — אַזאַ מויד
נאַקעט איבער צוים און פּלויט,
טוט דאָס העמד אַ ווייסן פלי —
האָלאָלאָ, האָלי, האָלי !

איז דער בוים דעם טאַטנס וויג,
קנאַקט דער צווייג און קרעכצט דער שטריק
האָלאָלאָ, האָלי, האָלי —

קומט דער ווינט, פון דאָ און דאָרט,
כאַפּט דער טאַטע פאַרן באָרד,
טוט דעם טאַטנס באָרד אַ פלי
האָלאָלאָ, האָלי, האָלי !"

יעדעס מאָל, ווען איך לייען, אָדער טראַכט פון משה לייבס פּאָעמע „אַ נאַכט", קומט מיר אויף אין זכרון דער לעצטער אָוונט, וואָס איך האָב אים געזען אַ לעבעדיקן.

צווישן די רייד, וואָס ער האָט צו מיר אין יענעם לעצטן אָוונט גערעדט, האָט ער באַמערקט:

— איך אַרבעט איצט אויף אַ פּאָעמע, וואָס גיט זיך מיר שווערער, ווי יעדע זאַך, וואָס איך האָב אויפגעשריבן ביז איצט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאָעמע ? — האָב איך געוואָלט וויסן, און אָנגעשפּאַרט דעם גרויען קאָפּ זיינעם צו דער וואַנט, האָט ער פאַר מיר געלייענט אָט די שורות:

„איך זאָג דיר קינד:
אויף פּאַרמעטן פון קעלבער קריצלט מען מיט טינט.
דו שונד מיר אָפּ אַ האַנט און אויף דער הויט מיט פייער שרייב
און וויקל זי אַרויף ווי גאָט זיין לעבנס־שפּיל אויף מאַן און ווייב
אויף שטעקנס צוויי — אַ תורה פאַר דער קאַץ,
זי זאָל נישט עסן ביז מען ברענגט נישט אויף אַ זילבער־טאַץ
דאָס קעפּל פון דער מויז".

ער האָט געלייענט אָט די שורות מיט אַזאַ שטיל און אַ טרויעריק קול און דערנאָך זיך צורעדט וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ נייער גרויסער מלחמה.

— אָט האָב איך אַ יינגעלע, איר פאַרשטייט? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר מיט פאַרצווייפלונג אין קול, און שפּעטער האָט ער צוגעלייגט:

— און מיין רויזעלע, וואָס האָט זי אין לעבן אירן?

פאַראַן אַ שטאַרקע שייכות צווישן אָט דער לעצטער פּאָעמע זיינער און יענער, וואָס ער האָט געשריבן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. איןביידע קומט צום אויסדרוק זיין געוואַלדיקע שנאה אַנטקעגן יענעם קלאַס, וואָס דערפירט, אַז אומשולדיקע מענטשן זאָלן זיך איינע די אַנדערע שניידן די העלדזער.

זיין שנאה צו מלחמה האָב איך אַמאָל געפילט אויף זיך אַליין.

עס איז געווען נאָך אַ יאָר וואַרעמער פריינטשאַפט צווישן אונדז ביידן, ווען ער האָט מיך דערזען אין דער יוניפאָרם פון אַ יידישן לעגיאָנער, וואָס איך האָב פרייוויליק אָנגעטאָן אויף זיך.

— אידיאָטסטווע! — האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

וויסנדיק זיין נאָענטקייט צו דער אידייע פון דעם פּועלי־ציוניזם, בין איך אַביסל איבערראַשט געוואָרן פון זיין אַנטריסטונג, אָבער אָנשטאָט אַ דערקלערונג, האָט ער ממש מיט פייער געגאָסן פון מויל.

איך בין אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל אָן זיין ברכה. אויף

מײנס אַ בריוול צו אים, האָב איך קײן ענטפער נישט געקראָגן. איך האָב געמײנט, אַז איך האָב שוין אינגאַנצן זײן פרײנטשאַפט פאַרלוירן, אָבער ווען איך בין שפּעטער מיט אַ יאָר און אַ האַלבס געקומען צוריק, האָט ער מיך ווידער באַגעגנט מיט אַ סך וואַרעמקײט.

— ווען איר וועט אויסטאָן אָט דאָס, — האָט ער אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף מײן מונדיר, — וועל איך אײַך אײַנלאַדן צו מיר אין שטוב און איר וועט זיך באַקאַנען מיט מײן רויזעלען.

מיך האָט זײער געפרײט צו זען אַ גרויסן איבערבײט אין משה לײבס געמיט אין יענער צײט. עס איז געווען די האַניקצײט פון זײן פאַמיליע־לעבן און דאָס גליק אין אים האָט זיך געפילט אין זײן יעדן קער און ריר. כדי איך זאָל האָבן אַביסל געלט אויף אײַנצוקויפן פאַר זיך ציווילע מלבושים, איז משה לײב אַוועק צו דער שנאָרער־אָרגאַניזאַציע און פאַר מיר אײַנגעאָרדנט אַ קבלת פּנים אויף בילעטן, אָבער דער אָוונט האָט שיעור נישט געפירט צו אַ גרויסן סקאַנדאַל.

זײַענדיק אַלײן דער פאָרזיצער, האָט משה לײב אויסגענוצט דעם גאַנצן אָוונט פאַר מוראדיקע אַטאַקעס אויף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר איר שפּילן זיך אין סאָלדאַטלעך. ער האָט זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט דער דערעפענונגס רײדע, וועלכע האָט גלײַך אָרײַנגעבראַכט דעם עולם אין אַ שטאַרקער אויפרעגונג, נאָר ער האָט געשאָסן אומאויפהערלעך זײַנע פײַלן יעדעס מאָל, ווען ער האָט געדאַרפט פאָרשטעלן אַן אַנדער רעדנער.

נישט נאָר דער עולם האָט זיך געפילט אומרואיק, נאָר אויך די רעדנער אויף דער פּלאַטפאָרמע. הירשבײן האָט נערוועז געצויגן זײַנע פינגער פון די הענט, און ברײנין, וועלכער איז געזעסן לעבן מיר, האָט מיר אײַנגערוימט אין אויער אַרײַן:

— ווען נישט צוליב אײַך, וואָלט איך פאַרלאָזט דעם זאַל.

פיל ערגער איז געוואָרן נאָכדעם, ווי פּראָפעסאָר נחום סלושטש האָט אים געפּרובירט ענטפערן. פון האַלפערנס מויל

האָט דעמאָלט אַ גאַס געטאָן ממש מיט פייער אויף דעם גאַנצן נאַציאָנאַליזם, וואָס ברענגט בלויז אומגליק און פאַרוויסטונג.

אביסל מילדער איז געוואָרן די שטימונג נאָכדעם, ווי דער קאָמפּאָזיטאָר סאָלאָמאָן גאָלוב האָט פאַרגעזונגען מיין ליד „טויבן" צו וועלכע ער האָט טאָקע אין יענער צייט די מוזיק באַשאַפן. די פרידלעכע שטימונג פון אָט דעם ליד האָט משה לייבן ווייכער און לירישער געמאַכט און ער האָט דעם אָוונט דערפירט מער אָדער ווייניקער צו אַ גליקלעכן סוף.

— מאָרגן זעען מיר זיך און מיר וועלן קויפן „מענטשלעכע" קליידער פאַר אייך, — האָט ער מיר געזאָגט ביים געזעגנען זיך.

אָבער קיין „מענטשלעכע" קליידער האָבן מיר אויף מאָרגן נישט געקויפט.

ווען משה לייב איז אויף מאָרגן מיט מיר צוזאַמען אוועק צו דער קאָמיסיע פון דער שנאָרער-אָרגאַניזאַציע זיך אָפּחשבונען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַסירער האָט צוגענומען דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דער אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט די איבער הונדערט דאָלאַר פון מיין אָוונט, און איז נעלם געוואָרן.

דאָס עגמת-נפש יענעם טאָג פון משה לייב האַלפּערן איז געווען איבער אַלע גרעניצן. ער האָט שוין אַפילו פאַרזעסן די מיליטערישע יוניפאָרם, וואָס איך האָב נאָך אַלץ גע־טראָגן אויף זיך און ער האָט מיך פון זיך ממש נישט אָפּגעלאָזט.

## טז

איך בין גלייך נאָכדעם אָפּגעפאָרן קיין פילאַדעלפיע, וואו איך האָב געאַרבעט, ווי אַ לערער אין אַ קינדער־שול פונעם „נאַ־ציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד". שפּעטער געלעבט אַ שטיקל צייט אין ווילמינגטאָן, דעלאַווער, וואו איך האָב אָנגעפירט מיט אַ קינדער־שול פונעם „אַרבעטער רינג". איך פלעג אָבער זייער אָפט קומען קיין ניו־יאָרק און אויף יעדן באַזוך זיך געזען מיט משה לייבן.

איצט איז ער שוין געווען אַ פאַמיליע־מענטש. רייזעלע האָט אים אַ יינגעלע געבוירן, איז געווען הימל און ערד און יינגעלע.

אין יענער צייט האָט דאָס ליטעראַרישע לעבן אינגאַנצן אַן אַנדער פּנים געקראָגן.

עס איז אויפגעקומען די לינקע אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער טעגלעכער צייטונג „פרייהייט", וואוהין משה לייב האַלפּערן איז צוגעצויגן געוואָרן דורך שכנא עפּשטיין, און עס הויבט זיך אָן אַ גאַנץ נייער פּעריאָד אין זיין לעבן און שאַפן.

ווען איך האָב אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער צוריק זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, איז משה לייב שוין געווען דער שטורעם־פויגל פון דער גאַנצער לינקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיינע לידער, וואָס זענען רעגלמעסיק דערשינען אין דער „פרייהייט" זענען פון צייט צו צייט געווען, ווי האַוויצער־אַטאַקעס אויף דעם לאַגער פון די רעכטע.

אַ סך, אַ סך ווען נאָך געדענקען דעם שטורעם, וואָס האַל־פּערנס לידער: „אהבת ציון", „ער וועט שוין נישט קומען", „פאַרדאַמט זאָל זיין דער פּראַזנדרעשער", „דער מוסר־זאָגער" און אַנדערע האָבן דעמאָלט אַרויסגערופן.

איך אַליין בין אין יענער צייט געווען ממש אַ צעמישטער. פון איין זייט האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט פאַרנעמען די שנאה צו דעם וואַקסנדיקן סאָוועטן־פאַרבאַנד אין דעם לאַגער פון די „רעכטע", און פון דער צווייטער זייט איז דער שטורעם אינעם לינקן יידישן לאַגער געווען צו שטאַרק און איך בין געשטאַנען פאַר אים, ווי אַ מענטש, וואָס האָט שטאַרק חשק זיך אויסצובאָדן אין ים, אָבער ער שרעקט זיך פאַר די צו־שטאַרק־צעשטורעמטע כוואַליעס, וואָס שלאָגן צום ברעג.

משה לייב האַלפּערן האָט אָבער נישט נאָר זיך אַריינגע־וואָרפן אינעם שטורעם, נאָר ער איז אַליין געוואָרן אַ געוואַלדיקער שטורעם.

איך האָב אין יענער צייט געלייענט זיינע לידער, שטאַרק באַ־

וואונדערט דעם געוואַלדיקן כוח, וואָס האָט געשלאָגן פון זיי, אָבער אין דער זעלבער צייט זיך אויך זייער שטאַרק געשראָקן פאַר דעם כוח.

דער גאָט־פאַרשאָלטענער אינטעליגענט;
ער האָט צוויי פּאַסקודנע הענט,
וואָס ווילן נישט אַרבעטן, דרייט ער מיט זיי
דאָס אייביקע גראָבע פינגער געדריי".

ווען איך האָב איבערגעלייענט אָט די שורות אין זיין ליד: „פאַרדאַמט זאָל ער זיין דער פראַזנדרעשער", האָב איך זיך געפרעגט:

— איז טאַקע יעדער אינטעליגענט אַ פראַזנדרעשער?

און ווען איך האָב געלייענט ווייטער אין דעם זעלבן ליד:

„דער ווערסטער שאַנד־נאָמען: אינטעליגענט,
וועט דעמאָלט בלויז ווערן אָנגעווענדט
אויף דעם, וואָס וועט פאַרדינען דעם טויט,
דעם טויט, ווייל ער האָרעוועט נישט אויף זיין ברויט".

האָב איך נאָכאַמאָל געפרעגט ביי זיך די האַרבע קשיא:

— אַרבעט טאַקע נישט קיינער פון דער אינטעליגענץ אויף זיין ברויט?

אַזוי מיט די שורות פון דעם ליד און אַזוי מיט שורות פון אַ סך אַנדערע לידער, וואָס האָבן מיך פון איין זייט גענומען מיט זייער מעכטיקן כוח און פון דער צווייטער מיך ממש איבער־געשראָקן.

נישט איינמאָל האָב איך געפּרובירט פאַרפירן מיט אים אַ שמועס וועגן אָט דעם ברויזנדיקן האַס, וואָס האָט געשלאָגן ווי אַ פייער־שיסנדיקער וואולקאַן, אָבער ניי קריג לאָגיק פון אַ צעברויזטן וואולקאַן!

פונדעסטוועגן האָב איך אין יענער צייט אונטער משה לייבס איינפלוס זיך אָליין אָנגעהויבן צו דרוקן פון צייט צו צייט אין



חיים שאַפּיראָ — צייכנונג מ. ל. האַלפּערן

דער „פרייהייט", אָבער וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן געהאַט מיינע שטילע לידער לגבי משה ליבס שטורעם!

האָב איך זיך טאַקע אומבאַמערקטערהייט צוריקגעצויגן, און משה לייבן שוין אויך ניט געזען אַזוי אָפט, ווי פריער. מיין לעבן האָט זיך אויף אַ לעבלעכן אופן אויסגעלעבט אין דער שלום-עליכם קינדער-שול, וואו איך בין אַ לערער געווען, און שפּעטער האָט זיך דאָס אַריינגעוועבט אין דער „קולטור-געזעלשאַפט", וואָס האָט זיך געגרינדעט, ווי אַ מין דריטער צד לגבי די „רעכטע" און די „לינקע" און אין אונדזער לעבן.

די „קולטור-געזעלשאַפט", וואָס איז געווען אַ מין פאַרגייערין צום היינטיקן „איקוף", האָט געהאַט אמת שיינע כוונות, אָבער ווייניק כוח. שטייענדיק צווישן די קאַנאָנאַדעס פון רעכטס אויף לינקס און פון לינקס אויף רעכטס, איז זי געטראָפן געוואָרן אָפּט-מאָל פון ביידע צדדים. און עס איז געווען אין יענעם פּעריאָד, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו פילן אַ פרעמדקייט צו משה לייבן. זיין גלאָריפיקאַציע פון גראָבע רייד אין דער ליטעראַטור און זיין שוין צו-שטאַרקע אַטאַקע אויף דר. א. מוקדוני און אַ צאָל אַנ-דערע שריפטשטעלער, האָבן מיך איריטירט און איך האָב באַוואוסטזיניק אים אָנגעהויבן אויסצומיידן. האָט געטראָפן, אַז מיר האָבן זיך צופעליק באַגעגנט, האָט זיך אונדזער געשפּרעך עפּעס נישט געבונדן. אָבער ווען איך בין איינמאָל געוואָרע גע-וואָרן, אַז עפּעס איז געשען צווישן אים און דער „פריהייט", און אַז ער האַלט ביים אַרויספאַלן, בין איך זייער אומרואיק געוואָרן וועגן אים.

איך געדענק, אַז עס זענען געווען מאָמענטן, ווען איך האָב געפילט אין זיך אַ שטאַרקן באַגער אים אויפצוזוכן און פּרובירן ווירקן אויף אים, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן, און אויב איך האָב דאָס נישט געטאָן, איז דאָס געווען, ווייל איך האָב געפילט, אַז נישט זייענדיק אַליין פאַרבונדן מיט דער „פריהייט" האָב איך נישט קיין רעכט עמיצן באַאיינצופלוסן.

און, פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען נישט געווען דעמאָלט די

אינטערעסן פון דער „פרייהייט", וואָס זענען מיך אָנגעגאַנגען, נאָר די אינטערעסן פון משה לייבן צו וועמען איך האָב אפילו אין יענער צייט, ווען מיר זענען געווען פון דער ווייטנס, געהאַט אַ טיפע צוגעבונדנקייט.

איך האָב געזאָגט, אַז מיטן איבערלאָזן די „פרייהייט" וועט ער ברענגען אויף זיך אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע, וואָרים, ווי אַ פּאָעט, האָט ער קיינמאָל נישט פריער געלויכטן אַזוי ווי אין דעם פּעריאָד פון זיין מיטאַרבעטערשאַפט אין דער „פרייהייט", און וואָס שייך פּרנסה איז, כאָטש זי איז געווען אַ מאָגערע, האָב איך אָבער זייער גוט געוואוסט, אַז משה לייב האָט פריער דאָס אויך קיינמאָל נישט פאַרדינט.

שטייענדיק מיט דער „קולטור־געזעלשאַפט", וואָס איז געווען די נייטראַלע זאָנע אין אונדזער לעבן, האָב איך גוט געוואוסט, אַז עס איז נישטאָ אין איר קיין פּלאַץ, אַז אַ משה לייב האַלפּערן זאָל זיך אין דעם קאָנען איינאָרדענען און ווי סע נישט איז זיך אויס־לעבן. איז וואוהין־זשע וועט ער גיין? סיידן צו די „רעכטע", וועלכע וואָלטן אים גענוצט, ווי אַ בייטש קעגן די „לינקע". אָט דער געדאַנק האָט מיך גאָר אומרואיק געמאַכט. איך האָב נישט געוואָלט זען דעם דיכטער, וואָס איך האָב טיף פאַרערט אין קיין מאָראַלישער געפאַלנקייט, וואָרים ווי מאָראַליש וואָלט דאָס געווען, ווען ער, וואָס האָט ערשט נעכטן באַטיטולט די „רעכטע" מיט אַזאַ נאָמען ווי: „די זונה — אונדזער פירער־שאַפט", וואָלט היינט געשטאַנען ביי דער טיר פון די זעלבע „רעכטע".

איך האָב דערפאַר מיט גרויס אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם מחלוקת צווישן אים און דער „פרייהייט", און ווען איך האָב גע־הערט, אַז שכנא עפּשטיין האָט זיך באַגעגנט מיט משה לייבן אין קליוולאַנד, און אַז די מיספאַרשטייעניש האַלט ביים אויסגעגליכן ווערן, האָב איך זיך זייער געפרייט פאַר משה לייבן. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין פרייען זיך איז געווען צו פרי. די מיספאַשטייעניש האָט זיך נישט אויסגעגליכן, אָבער צו מיין

טרייסט האָט זיך משה לייב האַלפּערן נישט געלאָזט פּאַרוואַנדלען אין קיין בייטש קעגן דעם לאַגער, וואו ער איז פריער געשטאַנען. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגערוקט פונעם עפנטלעכן לעבן. געלעבט א לענגערע צייט אין פאַרשידענע שטעט אין די היימען פון ליבע מענטשן און גרויסע פאַרערער פון זיין טאַלאַנט.

אָט האָט מען אים געטראָפן אין באָסטאָן, אין דער היים פון חיים שאַפּיראָן, שפּעטער אין קליוולאַנד, אונטער דעם אויפזיכט פון די ברידער דראָסט, אין דעטרויט, וואו די חברים קאָן און פינקל האָבן אים אויפגענומען, און א לענגערע צייט אין לאָס־אַנגעלעס אונטער דעם געטרייען אויג פון פּינטשע בערמאַן.

## יז

א פּאָר יאָר האָט משה לייב אומגעוואַנדערט איבער אונדזער מדינה און אין אָט די פּאָר איז פאָרגעקומען א שטאַרקע ענדערונג אין זיין געמיט, וואָס האָט זיך אפילו אָפּגערופן אויף זיין אויסזען.

אין דעם זומער פון ניינצן ניין און צוואַנציק האָבן מיר זיך באַגעגנט אין קליוולאַנד, און אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען גאָר אַן אַנדערער, ווי איך האָב אים געקאָנט פון פריער. עפּעס אַזאַ שטילקייט האָט געוויים פון אים. א שטילקייט, וואָס האָט געשמעקט מיט רעזיגנאַציע, וואָס ער האָט אַלע זיינע פריער־דיקע יאָרן פיינט געהאַט.

ווען עס איז צורייד געקומען וועגן א געווינסן דיכטער וועלכן ער האָט שטענדיק פיינט געהאַט און פון אים גאָרנישט געהאַלטן, האָט ער דאָס מאָל באַמערקט:

— איך ווייס ? . . . אפשר ? . . .

און ווען מען האָט שפּעטער גערעדט וועגן דער גוטיקייט פון קאַמף קעגן געווויסע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור, האָט ער שטיל געזאָגט:

— מיין קאָפּ איז שוין ווייס, און איך האָב קיין כוח נישט. מיר איז ער אַנטקעגן געקומען מיט דער זעלבער וואַרעמקייט,

ווי אין די פריערדיגע יאָרן. עס איז אים געגאַנגען אין לעבן, אַז עס זאָל דורכגעפירט ווערן אַ דערפּאָלגרייכער אָוונט פאַר מיר און ער האָט גערעדט מיט אַ סך װאַרעמקייט װעגן מיין בוך: „אייגנס", װאָס איז דעמאָלט דערשינען.

— איין זאַך באַאומרואיקט מיך װעגן אייך, — האָט ער מיר געזאָגט אויף אַ לאַנגן שפּאַציר איבער די גאַסן פון קליװלאַנד.

דאָ האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט דער מילדקייט פון אַן עלטערן ברודער און זיך צערעדט:

— איר הויבט מיר אָן צו װערן צו געזעלשאַפטלעך, — האָט ער געזאָגט, און מיט זיין כאַראַקטעריסטישן חוזק צוגעלייגט:

— מיט אַזאַ גאַנג, װי איירער קאָנט איר נאָך דערגיין אינעם לאַגער פון די לינקע און . . .

— און? — בין איך געװאָרן נייגעריק:

— נישט, װאָס איך האָב קעגן דער אידייע פון די לינקע, אָבער אידייע איז איין זאַך און מענטשן זענען עפּעס אַנדערש!

דאָ האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן מיט געװאַלדיקן צאָרן קעגן עטלעכע אינעם לינקן לאַגער, װאָס האָבן אים נישט פאַרשטאַנען און פאַר אים ענג געמאַכט די לופט און מערקװירדיק, װאָס מער ער האָט געצאָרנט, אַלץ שטאַרקער האָב איך געפילט דורך דעם צאָרן זיין בענקשאַפט צוריק אין דעם לינקן לאַגער אַריין.

— איר זענט אַ גוטמוטיקער, — האָט ער זיך געװענדט צו מיר און זייער שטאַרק באַטאָנט די װערטער:

— איר קאָנט נעמען זאַכן גרינגער, װי איך, אָבער אפילו איר װעט נישט קאָנען אַרבעטן מיט מענטשן, װאָס האָבן נישט קיין איינזען צו דער סענסעטיװיטעט פון אַ קינסטלער.

— נו, און די רעכטע? — האָב איך איבערגעשלאָגן און דערביי געהאַט די בונה אויסצוגעפינען, װי ער האַלט מיט זיך.

משה לייב האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און זיך שטיל צעלאַכט.

— גייט שוין, גייט, — האָט ער געזאָגט אַ מאַך טוענדיק

מיט דער האַנט אין דער לופט אַריין און דערנאָך גערעדט צו מיר מיט אַט די פּשוטע און אָפענע ווערטער:

— דאָרט האַלט מען דאָך כסדר אין גיין אויף צוריק. דער „פאָרווערטס” איז דאָך היינט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און באַלד, באַלד וועלן די פירער דאָרטן זיך אָנטאָן טליתים און דאַוונען אויף לשון־קודש, אָדער אויף ענגליש אַלאַ די רעפאָר־מירטע אין די סינאַגאָגעס.

איך האָב אויף אַ זייער פּאָזיטיווען אופן געפּרובירט איינ־שטילן זיין צאָרן אַנטקעגן די עטלעכע מענטשן אין דער לינקער באַוועגונג, באַטאָנענדיק דערביי, אַז סוף־כל־סוף זענען די מענטשן נישט אַזוי וויכטיק, ווען די באַוועגונג איז גאָענט.

— יאָ, יאָ, — האָט ער איבערגעשלאָגן אומגעדולדיק און מיט אַ טאָן פון וועלכן עס איז אויפגעגאַנגען אַ רחמנות געפיל צו זיך אַליין געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן, ווען מען האָט אַ האַרטע פעל אויף זיך און מען קאָן איבערטראָגן, אָבער מיר, פּאָעטן, האָבן הויט פון קליאַטשע.

דאָ האָט אַ גלאַנץ געטאָן לעבן מיר דער אַלטער משה לייב מיט זיין חוזק טאָן, וואָס האָט געקאָנט זיין שאַרף אויפן אייגענעם חשבון, ווי אויפן חשבון פון אַנדערע.

שפּעטער ווען מיר האָבן זיך אין ניו־יאָרק ווידער אָנגעהויבן זען אַזוי אָפט, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, איז כמעט שטענדיק געווען דאָס זעלבע.

— די מאַסן זענען גוט, די מאַסן זענען וואונדערבאַר, נאָר באַשר דער, אָדער יענער פירער פון זיי טויג נישט, דאַרף אַ פּאָעט זיך האַלטן אין דער זייט.

פונדעסטוועגן ווייס איך, אַז ווען מען וואָלט זיך געוועזן אָנ־געשטרענגט אביסל מצד דער לינקער באַוועגונג, וואָלט מען אים געווען צוריק געבראַכט.

מען האָט דאָס אָבער נישט געטאָן און משה לייב איז די

לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן געווען פאַרלאָזן און זייער הילפלאָז.

ווען עטלעכע פון דער גרופּע, וואָס האָבן אין ניינצן ניין און צוואַנציק די „פרייהייט" פאַרלאָזט, האָבן געגרינדעט די „וואָך", האָט ער מיטגעאַרבעט, אָבער אָן ליבשאַפט און אודאי אָן באַ־גייסטערונג.

שפּעטער, ווען די „וואָך" איז אונטערגעגאַנגען, איז ער נאָך געוואָרן מער איינזאַם און זיין וועג איז געווען פון זיין קליינער, באַשיידענער דירה אין די בראָנקס אין דעם קאַפּע „ראָיאַל" און פונעם קאַפּע־הויז אַ היים צו זיין פרוי רייזעלע און זיין יינגעלע אייזיקל. אין דער היים איז זיך אים נישט זייער גערן געזעסן, כאָטש ער האָט זיין פאַמיליע זייער שטאַרק ליב געהאַט. עס איז געווען טאַקע אָט די ליבשאַפט, וואָס האָט אים פון זיין הויז געטריבן. ער האָט שטאַרק געליטן, וואָס ער קאָן זיין קינד און זיין פרוי נישט געבן דאָס סאַמע נויטיקסטע.

אַ טשיקאַווע היים געווען זיינע.

דאָס מעבל איז באַשטאַנען פון שטיקלעך און ברעקלעך, וואָס ער האָט אַליין באַמאָלן און באַאַרבעט, און וועלכע רייזעלע האָט אָפּגעהיט מיט גרעניצלאָזער ליבשאַפט טאַקע דערפאַר, וואָס כמעט אויף יעדער זאַך איז געווען דער צייכן פון זיינע הענט.

ווען איך פלעג שפּאַצירן מיט אים איבער גאַסן, פלעגט ער זיך שטענדיק אָפּשטעלן לעבן געשעפטן פאַר וועלכע עס זענען געשטאַנען אין דרויסן אויסגעליידיקטע הילצערנע קעסטלעך.

— איר ווייסט גאָרנישט, וואָס מען קאָן פון אָט אַזאַ מין קעסטל אויפבויען, — פלעגט ער זאָגן און נישט איינמאָל פלעגט ער טאַקע אַזאַ קעסטל פאַרנעמען אַהיים.

שפּעטער פלעגט ער מיר מיט שטאָלץ באַווייזן אַ הויז־חפץ און דערביי דערמאָנען:

— איר געדענקט דאָס קעסטל?

פון צייט צו צייט פלעגט ער מיך בעטן אַרויפקומען און פאַרברענגען אַן אָוונט ביי אים אין שטוב. דאָס איז געווען, ווען

קיין ניו־יאָרק פלעגט אמאָל אריבערקומען זיינער א פריינט פון אן אנדער שטאָט. דעמאָלט פלעגט מען טרינקען אביסל בראָנפן, זיך פריילעך מאכן און זינגען.

משה לייב האָט געהאַט א פיינעם לירישן באריטאָן און ער פלעגט זינגען פאָלקס־לידער מיט גרויס געפיל.

פאַרגעלייגט זיינע זאכן אויף אַזעלכע אָוונטן האָט ער אין זעלטענע פאַלן.

— מיינע זאכן אין די ביכער קאָן מען דאָך אליין לייענען, און מיינע מאנוסקריפּטן זענען כמעט אלע נישט קיין פאַר־ענדיקטע ביי מיר.

און אויף זיין קליינעם שרייב־טישל איז טאַקע געלעגן א גרויסער שטויס מיט פאַפּירלעך אויף וועלכע עס זענען געווען נישט קיין פאַרענדיקטע לידער און פּאָעמען.

פון דער היים האָט אים געיאָגט אין קאפע־הויז אריין און פון קאפע־הויז צוריק אהיים.

פון צייט צו צייט פלעגט ער געפינען א פאָר וואַרעמע שעה ביי דעם דיכטער אליעזר גרינבערג אין שטוב צו וועלכן ער האָט אין די לעצטע פאָר יאָר פון זיין לעבן געפילט א נאָענטקייט. אזא נאָענטקייט האָט ער אויך אין יענער צייט אָנגעהויבן צו פילן צו דעם דיכטער י. גויכבערג.

זייער הארציק פלעגט ער שטענדיק אויפגענומען ווערן אין די שטיבער פון די קאזשדאנס און פון מ. קאָטין.

אין אָט די שטיבער האָט מען אים אָפטמאָל אויך ארויסגע־האָלפן. אָבער צו קיין פּרנסה איז דאָס אלץ נישט געקומען.

— אוי, א שטיקל ארבעט, — פלעגט ער נישט איינמאָל א שטילן זיפץ טאָן צו מיר, און עס איז געווען אין יענער צייט, ווען ער האָט אויסגעפּלאנירט די שוסטעריי פאַר אים און מיר.

יח

נו, און וואָס נאָך?

עס איז נאָך דאָ א סך, א סך צו דערציילן וועגן משה לייב האַלפּערן. בילדלעך און געשעענישן ארום אים און מיט אים

טויכן אויף אין זכרון און בעטן זיך ממש באַמאָלט און דערציילט צו ווערן, אָבער שרייבנדיק אָט דאָס קאַפּיטל, ווערן שוין די פריערדיקע קאַפּיטלעך געזעצט ביי דעם דרוקער, און אזוי ווי קיין מיטלען פאַר מער בלעטלעך אינעם בוך זענען ניטאָ, וועל איך מוזן אויסלאָזן דאָס אויסגעלאָזענע פאַר אַנדערע געלעגנהייטן, וואָס וועלן זיך אפשר נאָך באַווייזן ביי מיין לעבן.

ווי וואָלט משה לייב אין אזא מין פאַל א זאָג געטאָן צו זיך:

— אז עס איז נישטאָ קיין בעט אויף וועלכן אויסצוציען די פיס, דרייט מען זיך צענויף און מען כאַפּט א דרימל אויף וואָס סע נישט איז.

אָט דערמאָנט זיך מיר, וואָס ער האָט גערעדט ביי אים אין שטוב צו מיר בשעת ער האָט געצייכנט מיין פנים.

קוקנדיק מיט געוואַלדיקער אָנשטרענגונג אָט אויף מיר און אָט אויף די ליניען, וואָס דער בלייפעדער צווישן זיינע פינגער האָט געצייכנט אויפן פאַפּיר, האָט ער גערעדט:

— פאַר זייטיקע מענטשן זענען מיר ביידע זייער פאַרשידן אין אונדזערע כאַראַקטערס. איך, דאָס געשריי פון דער מדבר אַרויס, און איר, דער באַוואונדערער פונעם גאָלדענעם זאמד אין דער זעלבער מדבר.

א ווייל איז ער שטיל געבליבן. געווען צופיל פאַרנומען מיט א שטריך, וואָס האָט זיך אים שווערלעך געגעבן אונטערן פיר פונעם בלייפעדער אויפן פאַפּיר, אָבער באַלד האָט ער פאָרטגעזעצט ווייטער.

— מיר ביידע זענען גאָר זייער ענלעך איינער אויפן אַנדערן. יאָ, זייער, זייער ענלעך. מיר האָבן ביידע ליב די שיינקייטן פון לעבן ביז וואַנזין. נאָר וואָס־זשע דען? בשעת איך דערזע א שאָטן אויף דער שיינקייט פונעם לעבן, ווער איך אַן אויפגע־ברויזטער און מאַך א גוואַלד, הלמאי מען מאַכט מיר קאַליע די שיינקייט, נעמט איר און שפּרינגט אַריבער דעם שאָטן און וואַ־ליעט זיך אַריין אין דער שיינקייט אַריין אויף דער זוניקער זייט.

— אַנטקעגן וואָס איז דאָס צורייד געקומען? — האָב איך ביי אים געפרעגט.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ לאַנגן, דורכדרינגענדן בליק, און פּאַמעלעך מיט אויסגעצויגענע ווערטער געזאָגט:

— איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס לעצטנס האָב איך דעם איינדרוק, אַז מיר בייטן זיך מיט די ראָלן.

בייטן זיך מיט די ראָלן?

— נו, יאָ. אָט דאָס וואָס איך מיין,—האָט ער געזאָגט און פאַררויכענדיק אַ פּאַפּיראָס, האָט ער זיך גענומען קלאָרער מאַכן:

— געווען אַ צייט, ווען איר זענט אין אייער ליד געווען דער געמיטלעכער שמועס ביי אַן אָוונטיקן קאַמין, און איך בין געווען דער שטורעם, וואָס האָט שויבן געריסן פון די פענצטער אין דער פינצטערער נאַכט, און איצט, דאַכט זיך מיר אויס, אַז מיר בייטן זיך מיט די ראָלן.

דאָס איז געווען אין ניינצן דרייסיק, — אַ יאָר פון שטאַרקן אומרו אין מיר און משה לייב האָט דעם אומרו אין מיר מער, ווי יעדער אַנדערער דערפילט.

אָבער לאָמיך זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון אָט די זכרונות. זיי וועלן מיך פירן פון איינס צו דעם אַנדערן און איך וויל אומבאַדינגט האָבן פּלאַץ איבערצוגעבן מיין איבערלעבונג מיט משה לייבס „פירדרערע" צו מיין בוך „געקליבענע לידער", וואָס איז דערשינען אין ניינצן צוויי און דרייסיק.

פאַרוואָס גראַדע אָט די איבערלעבונג מער, ווי אַן אַנדערע? דאָס איז דערפאַר, ווייל אויך ער האָט זי זייער שטאַרק איבערגעלעבט און עס איז כדאי זי זאָל פאַרצייכנט ווערן.

אין אָנהייב ניינצן צוויי און דרייסיק האָב איך צונויפגענומען מיידע לידער פון די פריערדיקע קלענערע זאַמלונגען און צוזאַמען מיט אַ צאָל, וואָס זענען געווען צעוואָרפן אין פאַרשידענע אויסגאַבן, גענומען צענויפשטעלן אַ בוך. איך האָב דאָס געטאָן, ווייל איך האָב געוואָלט מאַכן אַ סך-הכל פון אַ שטיק אָפּגעלעבט לעבן מיינס, וואָס האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן צו קריגן אין מיינע אויגן גאָר אַן אַנדער פּנים, ווי עס האָט געהאַט ביי מיר פריער.

איך האָב אין יענער צײַט זיך געפילט, ווי אַ מענטש, וואָס האָלט ביים אויפגעבן אַן אײַנגעוואָרצלטע היים און גרייט זיך אויף אַ לענגערע צײַט צו זײַן אונטערוועגנס און ער וויל דערפאַר איבערקוקן דאָס ביסל פאַרמעג, כדי צו זען, וואָס ער קאָן מיטנעמען און וואָס צו לאָזן הינטער זיך.

ווען משה לייב איז געוואָרע געוואָרן פון דעם, איז אים געגאַנגען אין לעבן איבערצוקוקן דאָס בוך איידער עס ווערט אָפּגעגעבן אין דרוק.

— איך האָב געזען אײַערע ערשטע טריט, און איך וויל זען, וואָס עס האָט זיך אָנגעקליבן ביי אײַך פון יענער צײַט אָן, — האָט ער גערעדט צו מיר און איך האָב נישט געזען קיין שום סיבה, פאַרוואָס נישט צו געבן מײַן עלטערן חבר און דיכטער איבערצוקוקן דאָס בוך.

אדרבה, איך האָב זיך געפילט גוט פון משה לייבס אינטערעס צו מיר און איך האָב אים דאָס בוך געגעבן.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער טרעפט ער מיך אינעם קאַפע „ראָיאַל" און זאָגט צו מיר מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פּנים:

— איר ווייסט, מײַן אײַזיק און איך האָבן צוזאַמען אַרײַנגעשטעלט אין אײַער בוך אַרײַן אַ וויכטיק ליד, וואָס איר האָט אויסגעלאָזן.

— וואָס פאַר אַ ליד?

— אײַער ליד „נאָכאַלעמען", — האָט ער געזאָגט און דערביי אָנגעהויבן צו ציטירן אויסווייניק די שורות.

— האָסטו געהערט, אַזאַ ליד לאָזט מען אויס!

און כדי מיר צו באַווײַזן, אַז מען האָט דאָס בשום אופן נישט געטאָרט אויסלאָזן, האָט ער מיר גענומען דערציילן, ווי שטאַרק עס איז געפעלן געוואָרן זײַן רויזעלען און דער עיקורשט זײַן זינדעלע, אײַזיקלען.

— נו, אַז עס געפעלט אײַער זינדעלען איז דאָך נישט שייך מער צו רעדן דערפון, — האָב איך מסכים געווען און משה לייב

האָט גאָר־גאָר אָנגעקוואָלן, וואָס ער האָט גערעכנט מיינס אַ ליד פון פאַרגעסן צו ווערן.

מיר האָבן געטרונקען קאַווע און געשמועסט וועגן גאָר זייטיקע זאַכן.

פּלוצלונג ווענדט ער זיך צו מיר:

— הערט, איר וואָלט גאָרנישט געהאַט דערקעגן, אַז איך זאָל שרייבן אַ פאָררעדע צום בוך?

דער אופן, ווי ער האָט געפרעגט די פראַגע און דער טאָן אין זיין קול האָבן קלאָר דערציילט, אַז עס ווילט זיך אים זייער שטאַרק, אַז איך זאָל מסכים זיין:

— איך ווייס. איר זענט נישט קיין אָנפאַנגער. איר דאַרפט נישט קיין הסכמות, אָבער . . .

איך האָב אים נישט געלאָזט ענדיקן און געזאָגט, אַז עס וועט מיך פרייען אים צו האָבן אין מיין בוך.

אָבער ווען איך האָב אין עטלעכע טעג אַרום געקראָגן די „פאָררעדע" און זי פאַרזיכטיק איבערגעלייענט, האָב איך זיך דער־פילט אומבאַקוועם.

נישט, וואָס דאָס אַרטיקל איז מיר נישט געווען אינטערע־סאַנט. אדרבה, דאָס, וואָס ער האָט דאָרט אויפגעשריבן איז זייער אינטערעסאַנט און עס וועט זיכער בלייבן, ווי אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט פון משה לייבס שטורמדיק געמיט. איך האָב אויך נישט געהאַט קיין שום סיבה צו זיין אומצופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט דאָרטן געזאָגט וועגן מיינע לידער און מיר פּערזענלעך. נאָר וואָס־זשע דען? מיר איז נישט געווען צום הארצן צו זיין דער ברוגים פאַר אים פון וועלכן ער זאָל שעפּן שאַרפקייטן קעגן וועמען סע נישט איז און איך האָב באַשלאָסן אים בעטן, אַז ער זאָל מיך באַפרייען דערפון.

וואָלט דאָס טאַקע געווען געשען אַזוי, ווען נישט דאָס, וואָס איידער וואָס און ווען איז דער גאַנצער אינהאַלט פון דעם אַרטיקל שוין געווען באַקאַנט און איז שוין געוואָרן דאָס געשפּרעך ביי די טישלעך אינעם ליטעראַרישן קאַפע־הויז.

עס קאָן זײַן, אַז משה לייב האָט דאָס פאַרן איבערשיקן צו מיר פאַר עמיצן פאַרגעלייענט, אָדער אפשר האָב דאָס אַליין געטאָן פאַר איינעם פון מײַנע נאָענטסטע חברים. אַזוי צו אַזוי, — מען האָט געוואוסט און נישט גלאַט אַזוי בלויז געשמועסט, נאָר טאַקע זיך געקאָכט. ספּעציעל האָבן זיך געקאָכט יענע, וואָס האָבן גענו־מען די שאַרפקייטן אויף זייערע אַדרעסן און אַזוי ווי משה לייב האָט קיין נעמען נישט אָנגערופן, האָבן געמיינט אַ סך מער, ווי עס זענען געמיינט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמת'ער יאַריד.

פּלוצלונג האָב איך אָנגעהויבן צו האָבן זייער אַ סך גוטע פרײַנט. יעדער איינער איז נאָר אויסן געווען מײַן כבוד.

— וואָס דאַרפט איר אַ פּירורעדע?

— איר נעמט אַ שיינע געביידע און לייגט אַוועק אַ פּגר ביי דער שוועל.

— איר פאַרקלענערט אייער חשיבות.

מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט פריער געהאַט קיין גוט וואָרט פאַר מיר האָבן זיך פּלוצלונג זייער שטאַרק אָנגעהויבן זאָרגן וועגן מיר און מיך אָפּגעשאָטן מיט עצות טובות, ווי אַזוי איך זאָל זיך אויף אַ טאַקטישן אופן אָפּזאָגן פון דער פּירורעדע ביז זיי האָבן מיך איבערצייגט, אַז זי דאַרף יאָ אַרייגגיין.

איצט, אַז איך טראַכט וועגן יענער געשעעניש האָב איך אַ באַפרידיקונג, וואָס איך האָב אויסגעמיטן אַביסל פּיין דעם גרויסן, אומפאַרגעסלעכן חבר מײַנעם אין די לעצטע פּאָר חדשים פון זײַן לעבן.

אָבער פּיין פון אָט דער פּירורעדע האָט ער סיווי געהאַט, וואָ־רים נאָכדעם, ווי דאָס בוך איז דערשינען האָט זיך ערשט אָנגע־הויבן די אמתע בהלה. חברים וועמען ער האָט גאָרנישט נישט אין זין געהאַט האָבן גענומען זײַנע שאַרפקייטן אויף זייערע אַדרעסן און אים אויפגעהערט צו גריסן.

— מיך אַרט נישט פאַר זיך, — האָט ער מיר געזאָגט יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך מיט מיר געטראָפן, געבנדיק מיר דערביי

אַנצוהערן, אַז ער איז באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון מיין בוך, וואָס מען וועט אפשר פאַרשווייגן איבער אים.

איך האָב אים געזוכט צו באַרואיקן, אָבער ער איז באמת געווען באַזאָרגט וועגן דעם, און אָט די זאָרג זיינע האָט מיך אַזוי גערירט, אַז איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז עס זאָל מיך באמת גאָרנישט אַרן, ווי אַזוי מיין בוך וועט אויפגענומען ווערן.

אין איין שיינעם טאָג זוכט ער מיך אויף און זיינע אויגן זענען צעצונדענע:

— דערהאַלטן אַ קאַרטל פון פּען־קלוב? — פרעגט ער ביי מיר אין אויפרעגונג.

— איר מיינט וועגן אַ קבלת פּנים פאַר מיין בוך? — באַמי איך זיך צו זיין רואיק.

— יאָ, יאָ, אָט דאָס איז דאָס! — האָט ער גערעדט אַ צע־קאַכטער און דערביי צוגעלייגט:

— מען מוז מאַביליזירן אַביסל אייגענע כוחות!

איך האָב דערפילט זיין אומרו און בין אליין אויך אומרואיק געוואָרן.

איך האָב זיך געטראַכט, אַז ווער ווייסט? אפשר איז משה לייבס חשד, אַז מען האָט ספּעציעל באַשלאָסן אַ קבלת־פּנים, כדי זיך אָפּרעכענען מיט מיר טאַקע אַן אמת און איך האָב געזאָגט:

— הערט, משה לייב, לאָמיר נישט גיין!

— מיר וועלן יאָ גיין, — האָט ער אַרויסגערעדט מיט רציחה אין קול:

— פון שלאַכטפעלד אַנטלויפט מען נישט!

פּלוצלינג איז זיין פּנים פול געוואָרן מיט קאָמפּסלוסטיקייט. עס האָט אויסגעזען, אַז איצט איז ער גאָר צופרידן, וואָס ער וועט האָבן אַ געלעגנהייט צו זאָגן דעם און יענעם, וואָס ער טראַכט וועגן זיי.

— איך וועל זיי שוין געבן פאַר די „ליטעראַרישע בלעטער" אויך!

— וואָס איז מיט די „ליטעראַרישע בלעטער?" — האָב איך געוואָלט וויסן.

דאָ האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ פּאָר בייזע בליקן:

— וואָס־זשע, איר ווייסט נישט, צי איר מאַכט זיך נישט־וויסנדיק צוליב דרכי שלום?

דער אמת איז, אַז איך האָב געוואוסט און משה לייב האָט מיט זיין בייזער באַמערקונג אַריינגעטראָפן אין סאַמע פּינטל אַריין.

די מעשה איז געווען אַזאַ:

נחמן מייזיל, דער רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע, האָט איינגעפירט אַן אָפּטיילונג אין וועלכע די שרייבער האָבן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן זייערע באַליבסטע דיכטער. נו, איז משה לייב האַלפּערן געווען גלייך אין די ערשטע עטלעכע נומערן אין סאַמע פאָראויס. אָבער מער, ווי אין עטלעכע נומערן איז די אָפּטיילונג נישט דערשינען. פּלוצלינג איז זי פאַרשוואונדן געוואָרן. פאַרוואָס? פאַר משה לייבן איז געווען קלאָר, אַז אַ פּאָר פון זיינע חברים האָבן אים נישט פאַרגונען און טעלעגראַפיש בייאיינפלוסט נחמן מייזלין, אַז ער זאָל די אָפּטיילונג אָפּשטעלן.

וויפיל אמת עס איז געווען אין אָט דער מעשה, נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן, מסתם איז דאָס געווען אַ שטיקעלע ליטעראַרישע רכילות, כדי צו שאַפן בייז בלוט, אָבער משה לייב איז געווען זיכער, אַז אַזוי איז דאָס געווען.

— אַז זיי ברענען מיט שנאה צו מיר,—פלעגט ער נישט אויפהערן צו טענהן.

איצט האָט ער געזען אין דעם קבלת־פּנים פאַר מיין בוך אַן אַרויסרוף צו אים, און ער האָט זיך געגרייט קעגן אָט דעם אַרויסרוף.

ווען מיר ביידע זענען געקומען צום מיטינג און ער האָט דערזען אַ גרויסן עולם, איז ער נאָך זיכערער געוואָרן, אַז דאָס האָט מען זיך צונויפגעקליבן, כדי די אַטאַקע אויף אים, און

פאַרשטייט זיך, אויך אויף מיר זאָל זיין שטאַרקער און ווירק־זאַמער.

— איך זעט אַן עולם, — האָט ער מיר אַ שושקע גע־טאָן אין אויער און זיינע אויגן האָבן זיך צעברענט, ווי צוויי פאַקלען.

— האַלט זיך מוטיק און געדענקט, אַז איך געפין זיך דאָ.

— האָט ער שטרענג זיך געווענדט צו מיר.

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער גאָר עפּעס אַנדערש. דער אָוונט איז געווען נישט נאָר אַ קאָרעקטאָר, נאָר אַפילו זייער אַ וואַרעמער. לייוויק, וואָס איז געווען דער פאָרזיצער, האָט געגעבן דעם טאָן, וועלכער איז געווען זייער אַ האַרציקער און אין דעם זעלבן טאָן האָבן אויפגענומען דאָס בוך אַלע איבעריקע רעדנער. נישט מער, די פּירורעדע האָט מען נישט דערמאָנט, — זי אינגאַנצן פאַרשוויגן, גלייך עס וואָלט גאָר קיין פּירורעדע אינעם בוך נישט געווען.

איך האָב זיך געפילט די גאַנצע צייט איבערראַשט און ביז גאָר מאָדנע. פון איין זייט גוט, און פון דער צווייטער זייט היפּש אומרואיק וועגן משה לייבן, וואָס איז געזעסן לעבן מיר אַן אָנ־געשרויפטער, אָט, אָט זיך אַ לאָז צו טאָן אין גאַנג אַריין.

איז דאָס איגנאָרירן יענעם אָוונט משה לייבס פאָררעדע גע־ווען אַ צופאַל, צי אָרגאַניזירט?

משה לייב האַלפּערן איז געווען זיכער, אַז דאָס איז געווען אַן אָרגאַניזירטע זאַך. אָבער געהאַלטן האָט ער זיך און נישט געלאָזט יענעם אָוונט דעם ברויז אין זיך קומען צום אויסדרוק.

ווען לייוויק האָט אים פאָרגעשטעלט אויף אַ זייער קאָרעקטן אופן און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָב איך זיך איבערגע־שראָקן, אָבער מיין שרעק איז געווען אומזיסט.

— איך האָב מיינס געזאָגט אין דער פּירורעדע, — האָט ער טראָציק אַ זאָג געטאָן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

מיר איז אַרונטער אַ שטיין פון האַרצן, אָבער אויף מאָרגן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן, האָט ער גערעדט מיט אַ סך ביי־טערניש:

— מען איז געקומען אָרגאַניזירט, — האָט ער געברומט און דערבײַ געפרעגט:

— האָט איר נישט געפילט זייער אַלעמענס שנאה צו מיר נעכטן אָוונט?

— איך האָב נישט געפילט אין קיינעמס רייד קיין שום שנאה צו אײַך, — האָב איך אים געפרואווט באַרואיקן, אָבער ער האָט זיך צעבייזערט:

— אָט, אָט, איר זענט זיי שוין דאַנקבאַר פאַר דעם ביסל גוטס, וואָס זיי האָבן אײַך נעכטן אונטערגעטראָגן!

## יט

ווײ, ווײ, סאַראַ שטאַרקן שפּירט עס פאַרמאָגט אין זיך דאָס לעבן!

שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט דעם, פילט מען גאָרנישט, ווי מען איז מקריב אין זיך אַ סך, אַ סך אויפריכטיקייט, אַ סך, אַ סך שיינקייט אויף זיין מזבח, ווײַל עס דאַכט זיך אויס, אַז דורך אָט די אַלע קרבנות, וואָס מען ברענגט צו דעם, וועט מען קאָנען אַרייַנכאַפּן נאָך אַ ביס און נאָך אַ טרונק פון דעם. אָבער דער טויט איז, זעט אויס, נאָך פיל שטאַרקער. ווען ער באַווייזט זיך אין דער נאָענט, טוט זיין האַנט אַ דרינג אַריין אין דער סאַמע טיפעניש פונעם מענטשן און ברענגט צום אויסדרוק די גאַנצע אויפריכטיקייט, די גאַנצע שיינקייט.

סאַראַ וואונדערלעכע אויפריכטיקייט און סאַראַ געוואַלדיק גרויזאַמער טרויער עס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן פון אַלעמענס געמיטער אויפן טויט פון משה לייב האַלפּערן.

ווער שנאה, וואָס שנאה. יעדער איינער אין דער ליטעראַרישער משפּחה איז אויפגעציטערט געוואָרן ביז די סאַמע טיפסטע טיפענישן, ווען ער האָט דערהערט, אַז משה לייב איז טויט. לייוויק האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע פונעם דענווער סאַניטאַריום, וואו ער האָט זיך דעמאָלט געפונען, זענען די ווערטער געווען פול

מיט מוראדיקן גרויל, און צער, מאַני לייב איז אַרומגעגאַנגען אויף איסט־בראָדוויי, ווי אַ שאָטן. רייזן האָט אין טיפן פּיין נישט אויפגעהערט צו ברעכן די הענט. ביי אייזלאַנדן האָבן די ליפּן געציטערט, דילאַנען האָט אויסגעפּעלט אָטעם עפּעס צו זאָגן, און אַזוי מיט אַלע אַנדערע, — יינגערע און עלטערע אין דער ליטע־ראַטור. ווען איך בין אַריינגעקומען פון דעם אַרבעטער רינג זומער־פּלאַץ און געוואָרע געוואָרן די שרעקלעכע נייעס, איז די ערד פאַרשוואונדן געוואָרן אונטער מיינע פיס.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי בין איך לאַנג, זייער לאַנג געשטאַנען איבערגעבויגן איבער דעם פּשוטן קאַסטן אין וועלכן ער איז גע־לעגן אַזאַ רואיקער און שווייגנדיקער.

דער זאַל איז נאָך געווען ליידיקלעך און די שיין פון די צוויי ברענענדיקע ליכט ביים צוקאָפּנס פונעם אָרון האָבן נאָך שאַרפער געמאַכט דאָס גרויקייט פונעם מאָרגנליכט אויף משה לייבס פאַר־לאָשן פּנים.

איך האָב געקוקט אויף זיינע צוויי גרויסע, פאַרשטייפטע הענט און זיך געחידושט, הלמאי זיי טוען זיך נישט אַ צונעם און צעשפּאַרן נישט די זייטן פונעם קאַסטן, אָבער אָט די זעלבע הענט, וואָס פּלעגן זיך אַזוי קרעפטיק באַוועגן יעדעם מאָל, ווען משה לייב האָט גערעדט וועגן אַ וויכטיקן ענין, האָבן זיך איצט נישט גערירט. קוקנדיק אויף אָט די הענט, האָט אויפגעטויכט אין מיין זכרון אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט מיט חברים וועגן שמשון הגבור. עמיצער האָט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי אַ דיכטער וואָלט געדאַרפט מאָלן שמשון הגבור, ווען ער וואָלט אים באַ־האַנדלט אין אַ פּאָעמע און האַלפּערנס פּנים איז גליענדיק געוואָרן און ער האָט געזאָגט:

— איך וואָלט דעם גאַנצן כוח אַריינגעגעבן אין זיינע הענט אַזוי, אַז ווען ער וואָלט אַ וויג געטאָן מיט זיי, וואָלטן ווינטן זיך צעשטורעמט.

אָט דאָס האָט ער געזאָגט און בשעת מעשה אַ וויג געטאָן

מיט זײַנע אײגענע הענט אַזױ, אַז איך האָב דערפילט אַ װינט אַרום זיך.

איצט ליגן די זעלבע הענט און רירן זיך נישט.

דער קברן האָט אױסגעפּוצט משה לײבן אין די קלײדער, װאָס ער האָט געטראָגן אײדער ער איז געשטאָרבן.

אַ טונקל־בלױער אַנצוג, אַ שאַרף בלױ העמד און אַ בלױ שניפּסל מיט װײסע פּינטעלעך.

דער אַנצוג איז געלעגן אױף אים גוט. אָט אַזױ האָט משה לײב בײם לעבן ליב געהאַט, אַז דער אַנצוג זאָל אױף אים ליגן, אָבער דער שניפּס איז געװען צו שטאַרק פאַרצױגן און איך האָב זיך געװאונדערט פאַרװאָס משה לײב האָט נישט אַ שטױס געטאָן די הענט פונעם קברן, הלמאי ער האָט אַזױ שטײף דאָס שניפּסל פאַרצױגן און דאָס בלױע העמד.

איך האָב זיך דערמאָנט, װי משה לײב האָט זיך געשפּיגלט אין דער בלױקײט פון אָט דעם העמדל. איצט איז דאָס מיט אים אױפן װעג אין דער אײביקײט אַרײַן.

די אײביקײט!

װאָס איז זי אַזױנס?

אָט ליגט זי פאַר מיר, די אײביקײט. אַזאַ שװײַגנדיקע, אַזאַ גרױזאַם־דערהױבענע און אַזאַ טױטע.

— דער טױט איז גאָרנישט אַזױ שרעקלעך, — האָט אײנמאָל משה לײב געזאָגט און דערבײַ צוגעלײגט:

— נישט מער, דאָס שטאַרבן איז נישט גוט.

אין דעם זעלבן געשפּרעך װעגן טױט האָט ער אױך געזאָגט:

— דרײט זיך אַרום אַ מענטש מיט הענט און מיט פיס און פּלוצלינג בלײַבט ער ליגן. װען איך װאָלט געװען בײם באַשאַף פון לעבן, װאָלט איך קײן אײביק לעבן נישט געבעטן. װער דאַרף דאָס? אָבער דעם אופן פון שטאַרבן װאָלט איך געבעטן מאַכן אַביסל אַנדערש.

— צום בײַשפּיל? — האָב איך געװאָלט װיסן.

משה לייב האָט זיך פאַרטראַכט און לאַזנדיק רעם רויך פון זיין פּאַפּיראָס, האָט ער געזאָגט:

— אַ ליכט ברענט, ברענט און עס ווערט וואָס ווייטער וויניקער ליכט ביז עס איז נישטאָ אינגאַנצן. נישט דאָס ליכט און נישט דער גוף, וואָס האָט דאָס ליכט געהאַלטן.

דער זאַל האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אָנפילן. עס האָט זיך באַוויזן די אַלמנה רויזעלע, נאָענטע חברים, פאָלקס־מענטשן, — פאַרערער פון דעם דיכטער און אויך אַזעלכע, וואָס האָבן מיט ליטעראַטור קיין שום שייכות נישט און צו האַלפּערנען אודאי קיין שום שייכות נישט געהאַט.

קוקנדיק אויף די לעצטע, האָב איך זיך דערמאָנט משה לייבס צאָרן אויף אָט די דאָזיקע לייט, וואָס האָבן זיך צעיאַכמערט מיט יאָרן צוריק, ווען עס איז אָנגעקומען די ניַיעס, אַז עס איז גע־שטאָרבן יצחק לייבוש פּרץ:

משה לייב האַלפּערן האָט דעמאָלט אין זיין צאָרן גע־שטורעמט:

„און דו ביסט טויט. און נאָך האָט דיך נישט צוגעדעקט די ערד\
און איבער טויזנט גאַסן ווייט, ווי אַ גאַלאָפּ פון פערד\
צעטראָגט זיך דאָס געלויף פון יונג און אַלט, וואָס איילן זיך\
און באָטן אָן צום קויף דאָס בלאַט, וואו טעלעגראַפיש גיך\
אָנטפּלעקט מען אונדז מיט מאַרק־געשריי, אַז ס׳קלאַפּט נישט\
מער דיין האַרץ,\
און ווי אַ גרויסער פּוץ־רעקלאַם איז איינגעפּאַסט אין שוואַרץ\
דיין גרויער קאָפּ".

משה לייב! משה לייב!

אָט די דאָזיקע לייט, וואָס האָבן דיך ביי דיין לעבן נישט גע־זען, נישט באַמערקט, — דיך נישט געוואָלט זען, נישט געוואָלט באַמערקן, זענען איצט אַרום דיין גרויען קאָפּ, ווי זיי זענען געווען אַרום פּרצעס גרויען קאָפּ, ווען ער איז שוין טויט געווען, אַזוי ווי דו איצט אין אָט דעם קאַסטן.

„ווער טרייבט אין די טעג פון האַרבסט דעם ווינט דורך
ווי סטעניש אין וואַלד ?
און ווען דער אָדלער פליט נישט מער, און ווען דער אָדלער פאַלט,
פאַרוואָס מוז זיין די ראַב, וואָס רייסט די אויגן אים אַרויס ?"

אָט די פראַגן זענען ברענענדיק געשטאַנען, ווען איך בין אַרום דיין אָרון געווען און נאָך שטאַרקער זענען זיי געשטאַנען, ווען איך האָב אויפן בית־עולם געזען דיין רויזעלע זיך קלאַמערן מיט אירע הענט און מיט אַלצדינג, וואָס אין איר צו דעם בערגעלע ערד, וואָס איז איבער דיר אויסגעוואַקסן.

אָבער עס איז אויך אָן ענטפער דאָ, משה ליב. דער ענטפער איז אין דער נייער צייט, וואָס גייט צו אונדז, און זי וועט קומען.

שווער איז איר גאַנג, אָבער מען פילט שוין אומעטום איר דערנענטערונג. און אין איר גאַנג וועלן די שנאָבלען פון די ראַבן אָפּגעהאַקטע, און טויטע אָדלערס וועלן ווידער לעבעדיקע. אָבער נישט מער צו פאַרצוקן לעבן זיי אויף, נאָר באַוואונדערט צו ווערן מיט זייער גרויסן כוח, מיט זייער גרויסער שיינקייט.

די נייע צייט טראָגט אויף אירע אַקסלען דעם גייסט פון פרצן און אויך דיין גייסט, דיין וואונדערלעכע שיינקייט, וואָס דו האָסט ירושה געלאָזט פאַר אונדז און פאַר אַלע דורות, וואָס וועלן קומען נאָך אונדז.


טײַערע חברים:
פֿאַר אײַער חבֿרישער
הילף אַרויסצוגעבן אָט
דאָס בוך, מײַן דאַנק אײַך
זייער הערציק.
ז. ווײַנפּער

דערשינענע

# ז. וויינפערס ווערק



## „געקליבענע לידער" — מיט אַ פאָררעדע

פון משה לייב האַלפערן

320 זייטן.

---

## „אונטערוועגנס" — לידער

140 זייטן.

---

## „בירא־בידזשאַן" — לידער

64 זייטן.

---

## „יידישע שריפטשטעלער"

באַנד I — 160 זייטן.

פאָרטרעטן פון יידישע שרייבער.

---

## „יידישע שריפטשטעלער"

באַנד II — 160 זייטן.

פאָרטרעטן פון יידישע שרייבער.

---

## „משה לייב האַלפערן"

אינטימער פאָרטרעט און כאַראַקטעריסטיק פון זיין שאַפן.

120 זייטן.